Goldfaden, Abraham.
Bar Kokhba, der zuhn fun dem shtern : oder, di letste teg fun Yerusholoyim : a muzikalishe melodrama in raymen, in 4 akten mit a prolog, in 14 bilder.
Nuyork, 1908.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1873.10

**Goldfaden, Abraham, 1840-1908.**
Bar Kokhba, der zuhn fun dem shtern : oder, di letste teg fun Yerusholoyim : a muzikalishe melodrama in raymen, in 4 akten mit a prolog, in 14 bilder
Nuyork: Hibru poblishing kompani, 1908.
80 p. ; 20 cm.

1. Bar Kokhba, d. 135--Drama. 2. Yiddish drama.--lcsh.
I. United States-New York-New York.

ID: NXYH00-B2679 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106054

Reduction ratio X 10.0



# בּר כוכבא

(דער זוהן פון דעם שטערן)

אדער

## דיא לעצטע טעג פון ירושלים

— פון —

**א. גאלדפאדען**

HEBREW PUBLISHING COMP
83-85 Canal St., New York.
1908.

# בר כוכבא

(דער זוהן פון דעם שטערן)

אָדער

## דיא לעצטע טעג פון ירושלים.

אַ מוזיקאַלישע מעלאָדראַמאַ אין ריימען, אין 4 אַקטען
מיט אַ פּראָלאָג, און 14 בילדער.

פערפאסט פון

## א. גאלדפאדען.

(בעארבייטעט נאך פיעלע היסטארישע קוועלען.)

**פרייז, 10 סענט.**


— פערלאג פון דיא —

היברו פאבלישינג קאמפאני,
83-85-87 קאנאל סט., נויארק.

HEBREW PUBLISHING COMPANY,
83-85-87 Canal St., New York.

1908.

Schwartzberg
Phila Thalia
Theatre 190

# פראלאג.

ראס 1 בילד — דער ניינטער אב (תשעה באב).
— 2 — דער זוהן פון דעם שטערן.
— 3 — דער אויפשטאנד געגען דיא רוימער.

---

# ערשטער אקט.

ראס 4 בילד — פאפוס.
— 5 — בר־כוכבא ווירד געקריינט פאר א מלך אין ירושלים.

---

# צווייטער אקט.

ראס 6 בילד — דער משכן פון שלום.
— 7. — בר־כוכבא אנטלויפט רייטענדיג אויף א לייב.

---

# דריטער אקט.

ראס 8. בילד — אין דער תפיסה.
— 9. — בר־כוכבא מיט זיין חיל אין לאגער.
— 10. — דיא בעלאגערונג פון דער פעסטונג צעזארעא.

---

# פירטער אקט.

ראס 11. בילד — דיא סנהדרין.
— 12. — דער שרעקליכער מארד פון ר׳ אלעזר המודעי.
— 13. — דיא נייסט ערשיינונג.
— 14. — דיא צערשטערונג פון דער פעסטונג ביתר.

---

# דיא פערזאנען.

ב ר־כ ו כ ב א (אָדער בר כוזיבא), א הויכגעוואקסענער שטאַרק געבויטער מאַן
פון א יאַהר 35.

ע ז ר י ה, זיין פעלדמאַרשאַל.

ר׳ א ל ע ז ר ה מ ו ד ע י, איין אַלטער תלמוד׳שער געלעהרטער.

ד י נ ה זיין טאָכטער, איין יונגעס מעדכען (בר־כוכבא׳ס כלה).

ט ו ר נ ו ס ר ו פ ו ס, דער רוימישער שטאַטהאַלטער אין ירושלים.

ס ע ר א פ ה י נ א, זיינע פרוי.

פ א פ ו ס, א רייכער יובעלהענדלער אין שומרון — א רויטער און א מיאוסע נע־
שטאַלט, קרום אויף א פוס, און אויף איין אויג בלינד.

דער ש ו מ ר פון דיא טויערען פון דער פעסטונג ביתר.

דער ג י י ס ט פון אלעזר המודעי.

דיא ס נ ה ד ר י ן כהנים, לוים, יודיש מיליטער, פאַהנען־טרעגער, בר־כוכבא׳ס
לייבוואַכע, געזאַנדטע פון אשור, פון מצרים, פון ערב. טענצער,
מוזיקאַנטען, קאָהר פון זינגער, רוימיש מיליטער, רוימישע
מעדכען, דיא צושויער ביי דער רוימישער ארענע, גלאַדיאַ־
טאָרס, נעגערען, א ווילדער לייב, דאס חיל פון יהודה, דאס
חיל פון רוים, פאָלק. —

---

**דיא געשיכטע קומט פאָר — אַמאל אין ירושלים — אין דער פעסטונג צעזארעע און אין דער פעסטונג ביתר — דיא געשיכטע האַנדעלט זיך זעכציג יאָהר, נאָך דעם חורבן בית־שני.**



# פ ר א ל א ג.

## ערשטעס בילד.

## ערשטע סצענע

(שטעלט פאָר א שוהל, דער אָרון קודש פאַרדעקט מיט א שוואַרץ פרוכת. אויף איין עמוד נעבען איהם, שטעהט א מנורה, אין וועלכען עס צאַנקען עטליכע קנויטען, וואס האלטען שוין ביים אויסגעהען — אידען רעכטס און לינקס זיטצען אויף דער ערד, גאַנץ טרויעריג דיא קעפּ געבויגט, דיא הענד פאַרלעגט, אויפ׳ן אונטערשטען טרעפּיל פונ׳ם אָרון הקודש זיטצט דער אַלטער ר׳ א ל ע ז ר, האלט אין דער האַנד א מגילה און זאָגט פאָר, ניט ווייט פון איהם אויף א ביינקיל זיצט ב ר־כ ו כ ב א).

א ל ע ז ר. וויינט און קלאָגט אַצינדער,
אללע ציון׳ס קינדער!

א ל ל ע. נעבראָכען איז אונזער הַ[illegible]רץ,
ביסס
גרוים איז אונזער שמערץ.
אויף אונזער הייליג ירושלים, וואס איז תל געוואָרען,
אויף אונזער גלאַנץ און אונזער כבוד וואס איז פאַרלאָרען —

א ל ע ז ר. פון זיין הערץ האט גאָט אוועק גענומען זיין האַנד,
און אויף אונז אָנגעשיקט דעם בייזען פיינד;
דאס בית המקדש חרב געמאַכט,
און דיא כהנים אומגעבראַכט.

א ל ל ע. ער האט גערויבט, געברענט, געבראָכען,
אוצרות, הייזער, ביז אין גרינד,
און אָהן רחמנות האט ער געשטאָכען,
אונזער ווייב און קינד!

א ל ע ז ר אוי! אַזוי זאָגט גאָטט אצינד:
מיט איינעם איך קען דיך ניט מעהר
פון דיא ביזט ניט מעהר מיין קינד
סנהדרין איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד!

Schwartzberg
Phila Thalia
Theatre 1909

# פראלאג.

ראם 1 בילד דער נײַנטער אָב (תשעה באָב).
— 2. — דער זוהן פון דעם שטערן.
— 3. — דער אויפשטאנד געגען די רוימער.

---

# ערשטער אקט.

ראם 4 בילד באפוס.
— 5 — בר־כוכבא ווירד געקריינט פאר א מלך אין ירושלים.

---

# צווייטער אקט.

ראם 6 בילד דער משכן פון שלום.
— 7. — בר־כוכבא אנטלויפט רייטענדיג אויף א לייב.

---

# דריטער אקט.

ראם 8. בילד אין דער תפיסה.
— 9. — בר־כוכבא מיט זיין חיל אין לאגער.
— 10. — די בעלאגערונג פון דער פעסטונג צעזארעא.

---

# פירטער אקט.

ראם 11. בילד די סנהדרין.
— 12. — דער שרעקליכער מאָרד פון ר׳ אלעזר המודעי.
— 13. — די גייסט ערשיינונג.
— 14. — די צערשטערונג פון דער פעסטונג ביתר.

---

# דיא פערזאנען.

**בר־כוכבא** (אדער בר כחיבא), א הויכגעוואקסענער שטארק געבויטער מאן פון א יאהר 35.

**עזריה**, זיין פעלדמארשאל.

**ר׳ אלעזר המודעי**, איין אלטער תלמוד׳שער געלעהרטער.

**דינה** זיין טאכטער, איין יונגעס מעדכען (בר־כוכבא׳ס כלה).

**טורנוס רופוס**, דער רוימישער שטאטהאלטער אין ירושלים.

**סעראפהינא**, זיינע פרוי.

**פאפוס**, א רייכער יובעלהענדלער אין שומרון — א רויטער און א מיאוסע גער שטאלט, קרום אויף א פוס, און אויף איין אויג בלינד.

**דער שומר** פון דיא טויערען פון דער פעסטונג ביתר.

**דער גייסט** פון אלעזר המודעי.

**דיא סנהדרין** כהנים, לוים, יודיש מיליטער, פאהנענ־טרענער, בר־כוכבא׳ס לייבוואכע, געזאנדטע פון אשור, פון מצרים, פון ערב. טענצער, מוזיקאנטען, קאהר פון זינגער, רוימיש מיליטער, רוימישע מעדכען, דיא צושויער בייא דער רוימישער ארענע, גלאדיא־טארס, נעגערען, א ווילדער לייב, דאס חיל פון יהודה, דאס חיל פון רוים, פאלק. —

---

דיא געשיכטע קומט פאר — אמאל אין ירושלים — אין דער פעסטונג צעזארעא און אין דער פעכטונג ביתר — דיא געשיכטע האנדעלט זיך זעכציג יאהר, נאך דעם חורבן בית־שני.

---



# פראלאג.

## ערשטעס בילד.

### ערשטע סצענע

(שטעלט פאר א שוהל, דער ארון קודש פארדעקט מיט א שווארץ פרוכת. אויף איין עמוד נעבען איהם, שטעהט א מנורה, אין וועלכען עס צאנקען עטליכע קנויטען, וואס האלטען שוין ביים אויסגעהען — אידען רעכטס און לינקס זיטצען אויף דער ערד, גאנץ טרויעריג דיא קעפ געבייגט, דיא הענד פארלעגט, אויפ׳ן אונטערשטען טרעפיל פונ׳ם ארון הקודש זיטצט דער אלטער ר׳ **אלעזר**, האלט אין דער האנד א מגילה און זאגט פאר, ניט וייט פון איהם אויף א ביינקיל זיצט **בר־כוכבא**).

**אלעזר.** וויינט און קלאגט אצינדער,
אללע ציון׳ס קינדער!

**אללע.** נעבראכען איז אונזער ה[...]רץ, — ביסס
גרויס איז אונזער שמערץ.
אויף אונזער הייליג ירושלים, וואס איז תל געווארען,
אויף אונזער גלאנץ און אונזער כבוד וואס איז פארלארען —

**אלעזר.** פון זיין הערץ האט גאט אוועק גענומען זיין האנד,
און אויף אונז אנגעשיקט דעם בייזען פיינד;
דאס בית המקדש חרב געמאכט,
און דיא כהנים אומגעבראכט.

**אללע.** ער האט געראובט, געברענט, געבראכען,
אוצרות, הייזער, ביז אין גרינד,
און אהן רחמנות האט ער געשטאכען,
אונזער ווייב און קינד!

**אלעזר** אוי! אזוי זאגט גאטט אצינד:
**מיט אייגעם פון דיא סנהדרין** איך קען דיך ניט מעהר
ביזט ניט מעהר מיין קינד
איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד!

אוי! ציון'ס ליכט צאנקט אצינד;
לעשט אייבינג אויס —
שיינען וועט דיר ניט מעהר מיין קינד,
איבער דיינע זינד! איבער דיינע זינד!

אללע. מאקע דאריבער
בעטען מיר דיך איבער;
דיין כעס זאלסטו שוין שטיללען,
מיר בעטען דיך פערצייהען,
ווייל מיר בערייען,
אלסדינג וואס מיר האבען געטהון נישט נאך דיין וויללען,
— — — — — — נישט נאך דיין וויללען.
זעה וואס פון אונז איז אצינד געווארען,
נעהם צו שוין גאטט שטארקער פון אונז דיין צארען;
הער אונז צו גאטט, הער!
שטראף אונז שוין ניט מעהר! —

((אלעזר הייבט זיך אויף, בייגט זיך צום ארון קודש, טהוט א קוש דאס פרוכת ווענדעט זיך צום עולם).

אלעזר. הערט אויס בני יעקב, מיין פאלק מיינע ברידער,
וועט אייך דער פאר גאטט אויף צו הערען ווידער—.
אמת! ער האט אונז גוט נעגעבען צו פיהלען זיין שארפע רוט,
נים איין שונא האט זיך געבאדען אין אונזער יודיש בלוט.
וויא א הונגעריגער וואלף האט ער זיך צו אונז אריין געהאפט,
געווארגען, געבראכען צעריסען, וואס ער האט דערטאפט.
אונזער לאנד, פערברענט, אונזערע פעלדער—צוטרעטען,
אונזערע טייכען פערדארבען, אונזערע וויינגערטנער צוקנעטען,
אונזער הייליג ציון אונזער שטאלץ אונזער פראכט,
פערוויסט ביז אין גרונד, אללעס חרוב געמאכט;
דאס היילינע בית המקדש, אונזער גאטט'ס עקסטרא צימער,
פעראונרייניגט שענדליך, געמאכט דערפון א טרימטער.
גערויבט דיא אוצרות, אלע כלי קודש,
פערשטערט אונזער יום טוב, שבת, ראש חודש.



פערשטערט דיא קרבנות, מיט זייער שיינעם ריח,
געקוילעט דיא כהנים, אויף דעם מזבח.
ירושלים'ס שיינע טעכטער, ציון'ס איידעלע קינדער,
אוועק געפירט געפאנגען, פאר קנעכט פארקויפט באזינדער;
נים געשוינט קיין גרויע קעפ, תנאים, סופרים, קדמונים;
אבגעשונדען דיא הויט לעבעדיג פון חכמים ונבונים,
אויפגעשניטען מיט דער שארף דיא שוואנגערע ווייבער...
חתן, כלה בייא דער חופה צושניטען זייערע לייבער!...
אינגלעך פון דיא חדרים, צו הרג'עט צו טריבען,
פיצליך קינדער פון דער ברוסט, אויף שטיינער צו ריבען!—.
מיר שרייען צו גאטט! מיר הייבען אן צו טימלען,
מיר רייסען איין מיט אונזער געוויין אלע זיבען הימלען.
מיר מאכען איהם שולדיג, מיר הייבען אן צו שרייען,
דא ווארפען מיר איהם פאר, דא בעטען מיר פערצייהען:
„און דוא גרויסער גאטט, זיצט דיר דארט אין דיין רוה,
„הערסט נאר נישט—שווייגסט! און זעהסט דאס אלדינג צו:
„דיין וואהנונג צושטערט מען, און דוא שווייגסט! בעל הבית?
„דיינע קינדער קוילעט מען, און דיך הארט נים דאס?
„איז דאס שעהן פאר דיר, צו האסטו דערפון נחת?
„אז דער פיינד זאל זיך רייצען מיט אונז אויף צו להכעים:
„וואו איז אייער פאטער, אברהם'ס היילינע קינדער?
„אייער גרויסער גאט וואס האט אייך באוויזען ווינדער?
„א יא איהר האט זיך נאר אומזיסט צו איהם געווענדט,
„פאר וואס קומט ער נים אייך ראטעווען פון מיינע הענד!" —
אדער: — — — — — — — — —
„אויף דארויף האסטו אונז באדארפט ארויס פיהרען פון מצרים,
„זאלסט לאזען אונז אלע אויסקוילען אין ירושלים!
„וואו איז דיין שבועה, וואס דוא האסט געשווארען א מאל.
„אונזערע היילינע אבות: אברהם, יצחק און ישראל!
„אז דיינע קינדער וועל איך מאכען וויא ביים ים דאס זאמד,
„אז דיינע קינדער וועל איך שיינקען דאס געבענשטע לאנד.
„אז אין דיינע קינדער וועלען זיך אלע פעלקער בענשען!"—

קינדער? אוי ! א דאס איז שלעכט וואס מיר הייסען ק י נ ד ע ר
נים מ ע נ ש ע ן,
אח! מען זאָל אונז שוין רופען „יודישע מ ע נ ש ע ן“ נים „יודישע
קינדער“.
מיר זיינען שולדיג אין אונזער אונגליק, מיר, יעדער באזונדער;
וויא נארישע שלעכטע קינדער האבען מיר געהאנדעלט אונגלייביג
געגען אונזער גרויסען גאָטט, וואס ער לעבט אייביג:
ער האט אונז געליעבט, מיר האבען זיך דערפון נים געמאכט,
ער האט אונז א תורה געשיינקט, מיר האבען זיא פעראכט,
ער האט אונז גוטס געגעבען, מיר האבען עס נים געוואוסט צו
שעטצען,
מיר האבען איהם דערצערינט מיט פרעמדע געטצען.
דאס ערשטע בית המקדש וואס ס'איז אזא פראכט געוועו,
דורך וועמען איז עס חרוב געוואָרען ווען נים דורך אונז אליין?
דאס צווייטע בית המקדש מיט זיינע שטארקע מויערן און ווענט
האבען מיר א ל י י ן איבערגעגעבען דעם פיינד אין דיא הענט! —
אוי! אויף דעם וויינט דאס הארץ, דאס איז אונזער אונגליק יודען,
וואס בייא אונז איז ניטאָ קיין אחדות! קיין פרידען! — (געלאָסען)
דערפאר לאָמיר זיך האלטען שטיל, אויף גאָטט זיך נים באקלאָגען
און דאס שלעכטס וואס קומט אויף אונז, מיט בטחון איבערטראָגען.
לאָמיר א י ה ם בעטען מיט א ריין הארץ, נים פארשטעלט, מיט
נאמנות!
אונזער הערץ זאָל זיין דער מזבח, אונזערע ריינע געדאנקען, — דיא
קרבנות!
און ביז מיר וועלען פערדינען, ער זאָל אונז מוחל זיין,
זאלען מיר זיך פערהאלטען, רוהיג, שטיל און פיין.
לאָמיר בעטען פאר'ן ביסעל יודען, וואס זיינען נאך פערבליבען,
פאר דיא וואס זיינען דאָ, פאר דיא וואס זיינען פערטריבען,
לאָמיר פאָלגען דיא נייע הערשער, וואס זייא וועלען אונז געביטען
וועלען זייא אונז בעהאנדלען, מיט חסד, און מיט גוטען,
לאָמיר בעטען פאר'ן שלום פון אונזער צעזאר הנעלה,
ווייל אין ז י י ן שלום וועט א ו נ ז שלום זיין — אָמן סלה!!! —



(ער קושט נאך אמאל דאס פרוכת -- געהט אראפ, שטעלט זיך אין א זיים. צווישען דיא אידען הערט מען פערשידענע שטימען, און א טהייל מיט ב ר־כ ו כ ב א'ן אין איינעם, שאָקלען מיט דיא קעפ, וויא זייא וויליגען נים איין — ענדליך ווערט אלעס פערשוויגען און אויף דיא טרעפ פונ'ם ארון הקודש טרעט ארויף בר־כוכבא. טהוט א קוש דאס פרוכת און ווענדעט זיך אויך צום עולם).

ב ר־כ ו כ ב א. הערט אוים מיין פאָלק איהר בני יהודה;
הערט מיך אוים מיינע ברידער, אפתחה פי ואגידה:
וויא רוהיג שטעהט דער וויינשטאָק ווינטער באדעקט מיט שנעע,
איהם ארט נים יעצט דיא קעלט, ווייל ער קוויקט זיך מיט דער אירדע,
אז פון זיינע פריהעריגע טרויבען, טרינקט מען שוין לאנג וויין,
און אז ס'וועט קומען דער זומער וועלען נייע שוין זיין;
אָבער וועה איז דעם וויינשטאָק, וואס אום זומער בעגין,
תאפט איהם דער פראָסט, אז ער הייבט נאָר אָן צו בליהען.
דעם קאלטען אלטער ארט נים, וואס עס נעהט פאר איהם יעצט פאָר,
ער לעבט מיט דעם וואס עס וועט ז י י ן, אָדער וואס ס'איז געוועזן צופאָר.
דיא אלטע קלאָגען אויף דעם בית המקדש, וואס איז געווארען פערברענט,
אויף דיא שטיינער וואס שוין לאנג צובראָכען האט דעם פיינד'ס הענד,
און זעהען נים וואס ס'טהוט זיך יעצט, ווייל זייערע אויגען זיינען טונקעל:
וואו אין דעם אָרט פונ'ם ארון הקודש, אין דעם הייליגען ווינקעל,
שטעלען אלע טאָג דיא רוימער, זייערע בילדער און געטצען,
שפעטען פון אונזער גאָט, אונז מיט דעם צו רייצען, אויף צו העטצען.
מיט דעם שטעכען זייא אוים, אונזערע פרישע יונגע אויגען,
דאס זעהט נים דער אלטער קאָפ, וואס איז שוין איינגעבויגען;
ער קוקט אראפ נאָר אויף דער ערד, לאָזט פאלען א פאָר טרערען,
ער וועט נים זשאלעווען א ווין טהאָן, קרעכצען וועט איהר איהם הערען
אויף דיא בני ציון וואס זיינען שוין לאנג אומגעקומען,
וואס שלאָפען שוין רוהיג, זיינען שוין לאנג זייערס איבערגעקומען—
הייבט אויף אייערע קעפ, אלטע! וועט איהר אליין זאָגען,
אז אויף דיא לעבעדיגע איז דאָ מעהר וויא אויף דיא טויטע צו קלאָגען!
זעהט וויא אונזערע ברידער שניידט מען יעצט וויא דיא בוימער,
הערט וויא זייא קרעכצען אונטער דער שארפער האק פון דיא רוימער!!...
און אויף אייך אלטע חכמים, לייגען זייא דען כבוד?

דאס ארט זייא יחוס — צו א בן מלך, צו א בן דוד!
א מינדסט רוימיש איננעל שפייט אייך אין פנים,
רייסען אייך אפ דיא קליידער, מאכען אייך סמנים;
איהר רעדט מיט זייא מיט גוטען, זייא ענטפערן אייך מיט כעס,
אונזער פערמעגען רויבט מען עפענטליך אין מיטען דער גאס;
אונזערע פרויען שענדען זייא, און מיר טארען זיך ניט קלאגען!—...
אה ניין! וואס איהר ווילט מעגט איהר אייך זאגען!
דאס יונגע הייסע בלוט, קען ניט צוזעהען אזוי קאלט,
יעדע מינוט פאר זיך, דעם שונא'ס מערדעריש געשטאלט!—....
תאקט מיר אפ דעם קאפ ווארפט איהם אריין אין קבר!
נאר ניט רייסען יעדער מינוט צו ביסלעך איטליכס אבר;
כל זמן דיא האנד איז דא לאמיר זיא אויפהויבען,
אז שטארבען, זאלען מיר אלע, וואס טויג איינעם אליין לעבען;
שטעהט אויף ברידער, אים נאמען פון אונזער הייליג לאנד,
און לאמיר אויסקערען פון איהם, דעם שלעכטען בייזען פיינד!!—

(עס וערט ווידער צווישען דיא אידען א געטומעל וויא פריהער. בר־כוכבא געהט אראפ פון דיא טרעפ, זעטצט זיך צוריק אויף זיין פלאטץ. אלעזר טרעט ווידער ארויף צום ארון הקודש, הויבט אויף דיא הענד אויף א צייכען, אז ער וויל עפעס זאגען, אלע בלייבען שטיל און הערען זיך צו):

**אלעזר.** עס איז אמת ברידער, אז אין דיא יונגע ליגט כח,
עס פעהלט זייא אבער דאצו דער איבערגעלייגטער מח —
אוי! בארעכענט נאר גוט, איידער איהר הויבט אן צו טהון,
אז גאט האט איינמאל גוזר געווען אויף דער שטאדט ציון,
וועט אייך ניט העלפען אייער יונג בלוט, ס'מעג זיין וויא פייער,
תאט רחמנות אויף דעם רעסט ביסעל אידען אויב זייא זיינען בייא אייך טהייער.
מיט עזות און כעס וועט איהר נאר אזוי פיעל נוטצען,
אז איהר וועט דיא רוימער אויף אונז נאך מעהר צו היטצען!
און זייא וועלען אנפאלען אויף אונז וויא דיא צורייצטע בערען,
דאס רעסט ביסעל אידען ביז אין איין ביינדעל צו פארצעהרען;
איך זאג אייך נאך אמאל וויכט איהר פאלגען מיין עצה,
לאמיר אנביינען פאר גאט'ס רוט אונזער מידע פלייצע.



לאמיר זיך האלטען בשלום, לאמיר ליעבען אונזער קייזער,
מעהר האט אייך גאר ניט צו זאגען אייער אלטער אלעזר!

(ער געהט אראפ פון דיא טרעפ, געהט אוועק לינקס, נאך איהם געהן נאך אלע סנהדרין מיט דיא אלע וועלכע שטימען מיט זיין מיינונג. בר־כוכבא טרעט ווידער ארויף אייף דיא טרעפ, ווענדעט זיך צו דיא איבעריגע וועלכע זיינען איבערגעבליבען אין שוהל).

**בר־כוכבא.** פון זיטצען אוןווארטען קען גאר ניט געשעהן
קיין זאך אין דער וועלט ווערט ניט פון זיך אליין;
אין מצרים וואלטען אייביג געבליבען, אונזער אבות אבותינו.
ווען מיט נעוואלד זאל זייא ניט געוועזן ארויס שלעפען משה רבינו.
מיר האבען שטענדיג געהאט העלדען וואס האבען געקעמפפט,
ניט איין שטארקען פיינד האבען זייערע מאכט געדעמפפט.
גלייך וויא דיא אלטע געלעהרטע מיט דער חכמה מיט זייער,
האבען זיך פערדיענט זייער נאמען דיא העלדען מכבער!

(מוזיק פאנגט אן טרעמאלירען, עס ערשיינט א שטערן איבער זיין קאפ, ער הייבט אן מיט מעהר פייער צו האלטען זיין רעדע).

דיא נבואה מוז קומען וואס דער נביא האט געזאגט אמאל:
„דרך כוכב מיעקב, וקם שבט מישראל"!
שטעהט אויף מיין פאלק, קינדער פון איין גאט!
נעהמט אייך צו דיא שווערדען ווער נאר כח האט!
אראפווארפען זאלען מיר פון אונז דיא ביטערע גזרה
און בויען דאס בית המקדש במהרה!!

(רעטשיטאטיוו):

ווער עס טרעט צו צו מיר, מי לה' אלי!
זאל אויפהויבען דיא הענד ביים נאמען אדוני!

(אלע הויבען זיך אויף פון דיא ערטער, הויבען אויף זייערע רעכטע הענד ארויף).

**אללע.** דיינע רייד האבען אונז אלע בעלעבט אהן א שיעור,
אלע וויא איין מענש שטעהען מיר צו צו דיר.
פיסס { עס לעבט אונזער בר־כוכבא! עס לעבט אונזער משיח
און אונזער בית המקדש זאל אויפגעבויט ווערען גיך!

בר־כוכבא. שווערט־זשע מיר אלע צו, שווערט מיר!
אללע. מיר שווערען! מיר שווערען! (פּיס)
בר־כוכבא. שווערט איהר מיר פון דעם הערצען, שווערט מיר!
אללע. מיר שווערען! מיר שווערען! (פּיס)

(בר־כוכבא נעהמט ארויס א ספר תורה פונ׳ם ארון הקודש).

בר־כוכבא. דאָ בייא דער ספר תורה סגולה יחידה!
שווערט איהר מיר אלע בית יעקב ויהודה.
אז יעדער פון אייך מיט לייב און זעעלע אמת זיין געטרייא,
ווייא איין האנד, וויא איין מענש, זאָלט איהר אייך אויפהויבען
פרייא.

צו דער נייער מלחמה קעגען דעם שונא,
א מלחמה וואס איז נאָך ניט געוועזען ביז יעצט אזוינע.
שווערט־זשע מיר אלע צו, שווערט מיר;
אללע. מיר שווערען! מיר שווערען! (פּיס)
בר־כוכבא. שווערט איהר מיר פון דעם הערצען שווערט מיר!
אללע. מיר שווערען! מיר שווערען! (פּיס)
בר־כוכבא. זאָגט מיר נאָך דאס וואָרט פון דער שבועה,
און קאָהר פאר גאָט און פאר זיין פאָלק, בין איך מכריז ומודיע,
אז ווער עס וועט זיין פאלש — פון אונז אָבטהיילען,
און וועט במסירה אונזער סוד דערצעהלען.
איז איין געזעטץ דער טויט! געטייט אויף דעם אָרט,
יעצט, יעצט פאר דעם עדות דער ספר תורה גיט־זשע מיר אלע
דאס וואָרט!

פאר דעם עדות גיט־זשע מיר אלע דאס וואָרט;
געדענקט־זשע גוט;
אללע. מיר געדענקען אלע גוט! —
בר־כוכבא. איהר האט מיר צוגעשוואָרען!
אללע. מיר שווערען אלע גלייך,
מיר שווערען! מיר שווערען! מיר שווערען!!

(בר־כוכבא הויבט אויף דיא ספר תורה אין דער הויך, נאך איהם הויבען אויף אלע דיא הענד אין דער הויך, און וועהרענד זייא ענדיגען, לאָזט זיך דער פאָרהאַנג שנעל אראָפּ.)

---



# ערשטער אקט.

## ערשטע פּצענע — צווייטעס בילד.

(שטעלט פאָר אלעזר׳ס צימער, דינה מיט נאך עטליכע פרויען זיצען אויף נידעריגע זעסליך און זינגען.)

דינה. וויינט־זשע אלע ציון׳ס טעכטער,
קלאָגט־זשע קינדער אלע בייגאנד,
אויף דער גויט, דער צייט דער שלעכטער,
וואס האט געטראָפען אונזער לאנד.
אראָפּגעפאלען איז אונזער שטערן
אין דער ערד פערשמירט;
צובראָכען דיא קרוין פון אונזער שטערן
וואס האט אונז אזוי געציערט.

פרויען. גאָט זעה אונזערע טרערען,
אונזער נויט און פּיין;
וויינען וועלען מיר ניט אויפהערען
ביז דיא הילף וועט זיין.

דינה. רייך וויא א מלכה מיט בריליאנטען
אין דיא הייליגע שטאָדט געוועזען;
בייא דיא שררות גרעסטע פראנטען
האט זיא כבוד געהאט, זעהר פיעל חן.
אזוי וויא דיא שטערן ארום דער לבנה
האבען מיר זיך געשפיגעלט אין איהר;
אוי! היינט הייסט זיא דיא אלמנה
און איהרע יתומות זיינען מיר.

פרויען. גאָט זעה אונזערע טרערען.... א. ז. וו.

ד י נ ה. אזוי זיטצט דיא אלמנה ירושלים
אויף דער ערד צווישען מיסט,
און איהר איינציג קינד אפרים,
טולעט זיא צו צו איהרע בריסט....
„פערטריבען האסטו — וויינט זיא — „גאָט ליעבער
מיין אידעלען און ישראל;
אוי! לאָז מיר חאָטש דעם קדיש איבער
ער זאָל מיך גערענקען חאָטש אמאל!"

פ ר ו י ע ן. גאָט זעה אונזערע טרערען ... א. ז. וו.

ד י נ ה. יעצט געהט אייך שוועסטער ליעבע יעדע צו זיך אהיים!
איהר זאָלט ניט פערגעסען, אז אין טאָג אין דעם
איז א דאָפּעלטער טרויער, ווייל אין דעם חודש
איז חרוב געוואָרען דאס ערשטע און דאס צווייטע בית קודש —.
ניט דענקען פון שמחה, ניט ווייזען זיך אויף דער גאַס,
דיא ווילדע רוימער זאָלען ניט טרייבען מיט אייך קיין שפּאַס;
ביז גאָט וועט זיך ווידער אין אונז דערמאָנען,
און מיט זיין ליכטיגען חסד אונז ווידער באשיינען!

(פרויען געהען אוועק לינקס ד י נ ה קוקט זייא טרויעריג נאך און בלייבט שטעהן נאכדענקענד.)

מיט זיין ליכטיגען חסד אונז ווידער באשיינען!
יא! עפּעס איז מיר לייכט דאס הארץ, איך ווייס ניט פון וואנען...
עפּעס זאָגט עס מיר בסוד פרעהליכע נביאות;
אז ניך און באלד וועלען קומען דיא ישועות!...
חאָטש מיין אלטער פאטער, דער הייליגער קלוגער געלעהרטער,
מאכט מיר שווער דאס הערץ, מיט זיינע קלאָהרע ווערטער;
מיט זיין ליעבע נאָר צו שלום, מיט זיין האס צו מלחמה,
רוקט ער מיר אָן שווארצע וואָלקען אויף מיין ריינער נשמה;
זייא ווערען אָבער פערשוואונדען, זייא בלייבען ניט ניך,
בייא דעם איינעם געדאנק פון מיין שמעון דער משיח!
אָה! ניט פיעל אזוינע יונגע לייט בעגאבט מיט פערשטאנד,
האט ארויסגעגעבען ירושלים דאס געבענשטע לאנד!—



צווישען עדלע געלעהרטע, איז זיין גייסט ערצויגען,
חכמה און בינה, שיינט איהם ארויס פון דיא אויגען,
פון זיין שטארקער ברוסט רעדט ארויס דיא גבורה,
געשאפען צו א מלך איז זיין עדעלע צורה,
און אין זיינע אָדערן הערט מען דאס הייסע בלוט זידען,
פאר זיין גאָט! פאר זיין לאנד און פאר זיינע אידען!!

---

## צווייטע סצענע.

---

(א ל ע ז ר קומט אָן פון דער מיט טהיר, ד י נ ה ווען זיא דערזעהט איהם, לויפט זיא איהם אַקעגען, קושט איהם אין דער האנד. ער זיא אין שטערן.)

א ל ע ז ר. האסטו שוין דיא קינות אָפּגעזאגט, מיין טהייער איינציג קינד,
גאָט זאָל אונז טרייסטען, און מוחל זיין אונזערע זינד!

(בייא דיא ווערטער לאָזט ד י נ ה פאלען א פּאאר טרעהרען.)

טרערען? יא, דאס זיינען אונזערע איינציגע מתנות,
וואס מיר קענען מקריב זיין, אנשטאט אונזערע פערלאָרענע קרבנות

ד י נ ה. פאר וואס זאָגסטו טהייערער פאטער פערלוירען?
זיינען דען אויף אייביג שוין פערזונקען ציון'ס שטאָלצע טויערען?
האבען מיר דען ניט צו האָפען און אפילו נאך גאר ניך,
אז צוריק שטעלען אונזער גלאנץ וועט קומען דער משיח!

א ל ע ז ר. יא קומען וועט ער, אָבער ווען? דיא צייט איז וויט, גאנץ וויט,
ניט פאר אונז צו דערלעבען, ניט אפילו פאר אייך יונגע לייט!

ד י נ ה. פאר וואס גאנץ וויט? ווען ער איז שוין דאָ,
ער וועט קעמפפען געגען דיא רוימער אין א גוטע שעה.
זעה, וויא אלע אידען האבען זיך דערפרייט מיט דער בשורה,
עס איבערראשט יעדען בר־כוכבא'ס חכמה און גבורה.

א ל ע ז ר. אלע אידען פרייט עס, און איך ווין מיט ביטערע טרערען,
בר־כוזיבא הייסט ער, ניט בר־כוכבא דער זוהן פון דיא שטערן;

א לינגער, א פאלשער זשיח! (ווייכער) אמשר פעהל איך?
(ענטשיידען) ניין דאס איז געוויס, אז ער איז א מורד געגען גאט און מלך

שלום שרייא איך, שלום! לאמיר לעבען צופרידען,
לאמיר אפהיטען דאס רעשט ביסעל איבערגעבליבענע אידען;
גאט הייסט דינען דיא רוימער, לאמיר זייא זיין געטרייא,
דען מיט עזות געהן וויא ער, זיינען מיר אלע פארבייא!

דינה. בייא גאט אליין איז אנגענומען, אז מען שטארבט צוליעב זיין נאמען וועגען,
אלע אין איינעם וועלען מיר קעמפפען, אלע אין איינעם דיא קעפ לעגען;
פאר אונזער הייליג לאנד, פאר אונזער הייליגער אמונה.

אלעזר (האפט זיך אויף וויא מיט מורא) אי! אי!
אוך דוא ביסט שוין מיט זייא מיין טהייערע דינה;
ער האט שוין פערדרייט דיא קעפ אלע יונגע לייט,
ניין טאכטער איך זאג דיר, אז דאס איז ניט דיא רעכטע צייט,
דאס איז נאר א צו להכעיס, ניט קיין הייליגע מלחמה;
אין מיר רעדט דיא נבואה, איך הער א קול ברמה:
„נעפאלען איז ציון, אזוי גיך וועט זיא ניט אויפשטעהען"
(מיט טרעהרען), מיינע אויגען האבען שוין איינמאל איהר פאלען געזעהען,
נאר מעהר זיין דערבייא, וויל איך נאר ניט דערלעבען,
און אין אייער פאלשען משיח וויל איך ניט גלויבען;
לאז מיך בעוויינען דעם אלטען חורבן, דאס בין איך געוואוינט,
(נאכדענקענד) ניין, אויף א נייעם חורבן, קלעקט מיר שוין ניט מיינע טרעהרען!

דינה. פאטער! (זיא פאלט איהם אויף דעם האלז).

אלעזר. (בעטראכט זיא מיט וועהמוטה) איידער דיך פערלירען מיינע אויגען זאלען זעהען,
לאז בעסער מיך פריהער פאר דיר אויסגעהען! —
געדענקסטו מיינע קינות, וואס איך פלעג שטענדיג קלאגען?
זאג מיר נאך, טאכטער, וויא דוא פלעגסט מיר שטענדיג נאכזאגען:



(ביידע זינגען) אוי! אזוי זאגט גאט אצינד:
איך קען דיך ניט מעהר
ביסט ניט מעהר מיין קינד!
איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד.
אוי! ציון'ס ליכט צאנקט אצינד,
לעשט אייביג אויס —
שיינען וועט דיר ניט מעהר מיין קינד,
איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד! —

(אלעזר געהט אוועק רעכטס — דינה קוקט איהם נאך)

דינה. ער איז איבערגעשראקען נעביך, ווייל ער אליין
האט דיא שרעקליכע סצענע פונ'ם לעצטען חורבן געזעהן!

---

## דריטע סצענע.

---

(דינה בלייבט שטעהען פערטראכט — בר־כוכבא קומט אן פון דער מיט טהיר, ער געהט צו צו איהר, נעהמט זיא אן בייא דער האנד, זיא ווערט אנפאנגס וויא איבערגעשראקען, נור נאכהער בעווייזט זיא א פרייע מינע).

בר־כוכבא. נאר אומגעריכט בין איך געקומען צו דיר אצינד
וועסט מיר געוויס מוחל זיין, מיין טהייער געשוועסטער קינד! —

דינה (אירָאניש) איך זאל דיר פערצייהען? דוא מיינסט פון מיר צו לאכען!
איך — דיר? ווער קען זיך צו דיר יעצט גלייכען?
איך בין אלץ דיא ארמע דינה, עס איז קיין שאנדע אפילו
נו, און דוא? דוא ביזט דאך היינט געווארען נאר עולה לגדולה:
דיך טראגט יעצט דאס פאלק אויף דיא הענד ארום
עס איז מיר נאר א וואונדער אז דוא קוקסט זיך נאר אויף מיר אום?...

בר־כוכבא. אזא פארוואורף פון דיר דארף איך ניט פערדינען! —
ווער ווייסט נאך מעהר וויא דוא? ווער מיר ליגט אין זינגען...

און ווען מיין פאָלק וועט מיך אויך צום מלך קריינען
וועט דיא צווייטע קרוין, אלס מלכה, דיין קאָפּ
באשיינען—.
אָה! ניט פיעל אזוינע גאָלדשטיקע, וויא דוא, מיין ליעבע דינה,
געפינען זיך אין דיא אוצרות פון אונזער רייכער מדינה!

**דינה.** נו, נו! גענוג — אה! עס פּאַסט גאר ניט, מיין ליעבער,
אזוינע צערטליכע ווערטער, בפרט נאך פאר דיר, אזא גבור—.
דאס איין אנדערס מאל!—מיר האבען איבער בילכערס זיך צו
ראטהען....
וויא געהט עס דיר מיט דיין פלאן, וואָס עס דיר געראטהען?!

**בר־כוכבא.** פון געראטהען פרעגסטו? פון דעם איז שוין קיין רעדע
דער פלאן איז שוין אויסגעפיהרט, בעשלאָסען פון דער עדה
מיר האבען שוין צושיקט אין דער גאנצער אומגעגענד א ידיעה;
ארום און ארום! אין אפריקא, ציפּפּערין, אלכסנדריא,
אין אלע ערטער וואו אונזערע ברידער זיינען פערבאנט,
אלע וויא איין מענש שטעהן זייא גרייט, אלע איין האנד,
שטרעקען דאס לעבען, אין דער מלחמה דער נייער,
אלעם ענטסעגען שונא, ברענט וויא א פייער,
פארטיג זיינען אלע קרינס גערעטהע, נאר — בעהאלטען ליגט דער
פונק...
איין בלאָז איז פארטיג! מען ווארט נאר אויף מייןווינק!...
אפילו ר' עקיבא דער אלטער חכם, פאהרט אין אלע שטעדט
און מאכט מיר מיט זיין איינפלוס, פיעלע מענשען געריייט —
אלע — אלע זיינען מיט מיר, אלע פון גרויס ביז קליין!--
נאר! —

**דינה.** נאר?...

**בר־כוכבא.** יא, נאר איין געגנער האב איך, זאָל איך דיר געשטעהען?
דוא ווערסט מיר מוזען פערציייהען, ווייל דיא פערזאָן איז דיר
נעהער...
דער אנציגער געגנער איז... דיין פאטער! — עס פערדריסט מיך
זעהר!



(ער קעהרט אָפּ דאס פנים פון איהר צורוק.)

**דינה.** איהם האסטו ניט צו פעראיבעל האבען, מיין ליעבער שמעון,
איך האב מיט איהם גענוג געטענה'ט איידער דוא ביזט געקומען,
עס האט מיך זעהר געקריינקט, איך מוז דיר דעם אמת זאָגען,
ווייל מיין טענה'ן האט מיין אלטען פאטער שטארק דערשלאָגען;
ער איז דאָך מיין צערטליכער פאטער און זעהר טהייער בייא מיר,
איהם קריינקט עס זעהר, וואס איך האלט מיט דיר,
ער שרייט נאר שלום, שלום איז זיין שטרעבען!
ער האט שוין געזעהען, זאָגט ער, אזוינע פעלע אין זיין לעבען,
אז מיט בייזען מאכט מען ערגער, אזוי איז נאך זיין מיין —
איך בין אלץ דאגעגען; נאר בייא איינעם בין איך געבליבען שטעהן,
אז ער האט מיר בעוויזען, אז ווען שוין אויך צו א מלחמה,
ווערט איהר אויך מוזען פערשפיעלען — ווייסטו פאר וואס מיין נשמה?
ווייל ער קען נומ דיא טבע פון זיין ליעב פאָלק ישראל,
וואס איבער דעם האבען זייא שוין דיא שטאָט פערשפיעלט צווייא מאל:
אחדות! פעהלט איהם, אחדות! דאס פעהלט איהם, דאס דארף ער,
וויא זאָגסטו שמעון? דאס איז א קוק א שארפער?!....

**בר־כוכבא.** ווען נאר וועגען דעם איז זיין מורא גרויס,
האב איך טאקע מזל, זעה איך אין דעם ארויס,
איך זאג דיר, אז וויא א צויבער איז פון דעם גאנצען עולם
פון פערשיעדענע סעקטען געוואָרען יעצט איין גולם:
דאס וואָרט „סעקטא" איז אָפּגעמעקט, עס לעבט שוין ניט מעהר
מען הערט שוין ניט „עסעער", פאריזעער", סאדוקעער",
יעדער מינדעסטער איז שוין מיעד צו דערטראָגען אויף זיין ריקען,
פון דיא רויהע רוימישע הערשער, דאס שווערע אונטערדריקען,
איך האב פון אלע זייטען ברכות, בין זייער מלאך מושיע!
מען שיקט מיר אפילו פון ווייטען געטריישאפט און שבועה,
און צום צייכען, אז אלעס פאר מיר שטעהט און געהט
אז מארגען גאנץ פריה, מאכען זיך שוין אלע גרייט,
צו קריינען מיך אין ביתר פאר דעם מלך משיח!...

—

**דינה** (מיט פרייד). אזוי? נו ווינש איך דיר, אז גאָט זאָל דיך זיין מצליח
ווייל דאס וואס דוא נעהמסט דיך אונטער איז ניט קיין קליינע זאַך —
דאָ־שטעהט א לאַנד צו רעטען אונטערדריקטע ברידער א סך —
נעה ניך מיין ליעבער, און גאָט זאָל זיין מלאך פאר דיר שיקען
אז וויא דוא ווערסט דיך ווענדען זאָל דיר נאָר גליקען! —

(נעהמען זיך אָן בייא דיא הענד — זינגען).

**ביידע.** געקומען איז דיא צייט
זיא איז שוין ניט וויים,
יא, נאר ניט וויים,

**ער.** דאס לאַנד בעפרייען ) 
**זיא.** יא, יא, בעפרייען ) ביסס

**ביידע.** און דאס בית המקדש בענייען.

**ער.** יא, יא בענייען, ) 
**זיא.** דאס לאַנד בעפרייען, ) ביסס

**ביודע.** אויפבויען אויף׳ס נייא.

**בר־כוכבא.** אך דוא ווייסט ניט וויא מיר ליגט אין הערץ
דיא לאַגע פון מיינע ברידער!
צו זעהען קען איך ניט זייער שמערץ —
ניט הערען זייערע קלאַגע־ליעדער;
בעדריקט האט זייא דער פיינד,
דאָך רעטען ווערט זייא ניך מיין האנד.

**ביידע.** געקומען איז דיא צייט (ביז אויפ׳ס נייא.)

**דינה.** גאָט זאָל זיין מלאך שיקען,
אז דוא זאָלסט בעגליקען,
דיא שונאים אונטערדריקען,
פערניכטען זייא ביז אין גרונד;
צו דיר ווענדען זיך אונזער בליקען
צו אונזער גאָט און צו דיר אצונד! יא!



**ביידע.** באָלד וועט שוין ציהן הערען ווידער
מונטערדינגע פרעהלאַכדינגע ליעדער: )
ירושלים איז בעפרייט ) ביסס
דאס בית המקדש בענייט )
נאָר מיט מוטה )
קראַפט און בלוט )
זיך בעשטרעבען, )
אונזער גאַנץ ) ביסס
רוהם און גלאַנץ )
אויף צו העבען )
יא! יא!... אָמן! )

(בר־כוכבא געהט אָב לינקס).

**דינה.** (נאכרענקענד) אָמן! אָמן! אָה, א געוואַנטער שריט,
וויא עס קויפט צום טויט אזוי פרעהליך דאס יונגער בלוט
לויפען דעם מלאך המות ענטגעגען, וויא צו׳א שפיעל...
דאס איז עפעס נאר איין אנדער געפיהל...
שטאַרבען, טעדטען, זעהען דעם שונא פערטריבען מיט שאַנד,
זיינע ברידער בעפרייט — גערעטעט זיין לאַנד —
ווידער זעהען דיא כהנים, דיענען וויא זייא דאַרפען,
ווידער הערען דיא לוים זינגען, שפילען אויף דיא האַרפען,
ווידער אומקעהרען דיא אידען זייער פרעהלאַך געמיטה...
(מיט ענטהוזיאזמוס) אָה! ווערטה איז דאס אָפפער! — איך פיהל
שוין וויא עס איז גוט! —

(זינגט).

איך זעה שוין, וויא עס ווערט פרעהליך
אין ירושלים, וואס איז בעפרייט
און „עס לעבט דער מלך!"
הער איך שוין וויא מען שרייט
און טראָגענדיג פיעל מתנות
צום בית המקדש קומען אידען נאר אָהן א צאָהל,
צו מקריב זיין דיא קרבנות
וויא עס פלעגט זיין אמאל

און דיא לוים האלטען דיא הארפען, און זינגען אָט דעם שיר:

„מיר גריסען דיך ירושלים
„מיט איין בית־המקדש א נייעם!
„גאָט האט זיך מרחם געווען אויף ציון
„און האט איהר אומגעקערט דיא קרוין!" (פיזם)

איך זעה שוין יעצט וויא פון ווייטען
אויף יעדען זאמדינען בארג און טהאָל,
לאָזען זיך פון אלע זייטען
בעקענטע אָהן א צאָהל:
דאס זיינען דיא געפאנגענע ברידער!...
אין גלות פערטריבען זיינען זייא געווען,
זייא קעהרען קיין ציון ווידער
און — דיא שטאָט אז ווען זייא דערזעהן

באלד גרייפען זייא דיא הארפען און זינגען אָט דעם שיר:

„מיר גריסען דיך ירושלים
„מיט איין בית־המקדש א נייעם!
„גאָט האט זיך מרחם געווען אויף ציון!
„און האט איהר אומגעקערט דיא קרוין!" (פיזם)

---

## פערטע סצענע.

---

(פ א פ ו ס קומט אן, פון אונטער דער קוליסע הערט מען איהם שוין גלייך וויא ער זינגט, אין איין האנד טראָגט ער א קעסטעלע מיט בריליאנטען -- אויף דער אנדערער איז אנגעהאנגען בייטשען מיט קאָראלען און פערלען).

פ א פ ו ס. ח' יברכך! דוא עדלע פיינע דינה
דוא שעהנע פערעל פון אונזער מדינה,
וואס דוא ביזט פול מיט דעת, חכמה, ובינה!
בעוויין מיר נאָר דיין פרייע מינע
און לאָז מיך הערען דיין זיס קול רנה
דוא וואוילע בתולה רכה ועדינה.



איך בעט דיך מיט רחמים און חנינה,
איך זאָל ניט איינגעהמען קיין מיתה משונה! —

ד י נ ה. וואס ווילסטו פאפוס, מיט דיינע משלים? —

פ א פ ו ס. איך בין געקומען גלאט דיר אָפגעבען שלום! —

(ער רוקט זיך צו צו איהר, און בעטראַכט זיא מיט ליעבליכע בליקען, און זאָגט מיט א שמייכעל:)

דיא לבנה דארף צופרידען זיין—זיא שיינט מעהר און לייכט
ווען נעבען איהר שטעהט, דיא פינסטערע נאכט!...
איך האב דיר געבראכט ווייזען איין ארטיקעל,
איך האב עס ניט לאנג דערטאפט, אָבער א וואויל אנטיקעל!

(ער נעהמט ארויס פונ'ם קעסטעלע א בריליאנטענעם שטיין און ווייזט איהר.)

נא קוק דיך צו אויב דוא האסט אין דעם א ידיעה,
עס טרעפט זיך זעלטען אין דער וועלט אזא מציאה,
דער בריליאנט פאסט נאָר פאר א מלכה, און פאר ד י ר! —
איך האב איהם ד י ר געבראכט, ד ו א זאָלסט איהם זעהען פריהער,
טאָמער געפעהלט ער דיר, בלייבט ער דיינער, מיט איין וואָרט,
אלא ניט — האב איך פון זיינעטוועגען שוין איין אנדער אָרט —
איך וועל באלד מיט איהם צום קייזער האדריאנוס לויפען
ער וועט איהם געווים בייא מיר פאר זיין מלכה קויפען!

ד י נ ה. פאר דיין געטריישאפט, פאפוס, דאנק איך דיר!
נאָר אויב דער שטיין איז פאר א מלכה, איז ער ערשט ניט פאר מיר,
אויך ווען איך זאָל זיין אימשטאנדע איהם צו קויפען
וואָלט איך עס נישט געטהון, אָה! ניין! באין אופן—.
אָה! דאס איז דער פעהלער פון פיעלע, וואס ציהען איבער דיא סטרונע,
א בירגערס א טאָכטער זאָל טראָגען דאס, וואס א קייזערינע?
דאס מאכט ניט קיין כבוד, נאָר דיא גרעסטע שאנדע,
„אויסברעננער", „פערשווענדערס" הייסען מיר אים לאנדע!

אוּן ווידער, איז דען יעצט דיא צייט, אויף דעם געלד צו פער־
שווענדען?

געהרענר מיר האבען יעצט דאס געלד אויף וויכטיגערס צו
פערווענדען;

מיר דארפען האבען יעצט פראסטע שטיינער, ניט קיין עדלע
בריליאנטען,

דיא פראסטע שטיינער פונ'ם בית המקדש, דאס זוכט מען
יעצט אנשטאט דיאמאנטען,

דיא דארפען מיר אויסקויפען מיט אונזער געלד — זאגאר לעבען....

**פאפוס.** נו אז ניט קיין שטיינער, מוז איך דיר עפּעס אנדערש געבען.

(נעהמט אראפ פון דער האנד א שנור פעריל).

אט דאס שנור פעריל! הא? דאס איז א סחורה!
מענסט עס אנקוקען, נעהם עס! האב ניט קיין מורא!
פריוו עס דיר אויף דיין האלז, איך וועל דיך דערפאר ניט מאהנען,
אויף דיין ווייס העלזעלע וועט עס פאסען, וויא דער שנעע אויף דעם
בארג לבנון!

(דינה נעהמט עס און בעטראכט עס, נאכדעם פריווט זיא עס זיך אנטהון אויף
דעם האלז, פאפוס שטעהט נעבען איהר, און פערטיעפט זיך אין געדאנקען,
נאכדעם זאגט ער, מיט ענטשלאסענהייט, נאר וויא מיט בושה).

אה דינה! מיין ניט אז איך וועל שוין ניט געפעלען קיין כלות?
איך בין שוואַרץ, מיט א מום, האב איך דערפאר אנדערע מעלות:
אויף דעם ארט פון מיין אויג, פילל איך אויס מיט א בריליאנט!...
און אז איין פוס איז קירצער, ווילסטו — שטעה איך באלד
גאלאנט:
איך שטוקעווע צו מיין קעסטעלע, פול מיט געלד א סך.

(ער שטעלט דאס קעסטעלע אונטערן קרומען פוס).

און—שטעל מיך דארויף, שטעה איך שוין גלייך! — —
דינה! אה דינה! ניט נאר דאס, גלויב מיר,
איך האב נאך פיעל אוצרות, דיא געהערען אלע צו דיר



פאר דיין איין ווארט קענסטו דאס אלעס פארמאגען
פאר איין ווארט! ווען דוא זאלסט מיר נאר זאגען...

(ער בלייבט דאביי שטיל פערשטעהט, ארפגעלאזט דעם קאפ, גלייך וויא ער ער־
ווארטעט זיך ניט ארויס צו זאגען דאס איבעריגע אין גאנצען. דינה קוקט איהם
פערוואונדערט אן, וויא זיא פערשטעהט ניט וואס ער וויל.)

**דינה.** איך פערשטעה דיך ניט פאפוס, ביזט דול עפּיס נאר
וואס ווילסטו מיט דעם זאגען, לאמיך וויסען אויף קלאר?

(פאפוס שטעהט איינינע סעקונדען, נאכהער זאגט ער וויא ענטשלאסען.)

**פאפוס.** אויף קלאר? יא! אויף קלאר, חאטש איך בין שווארץ,
יא, איך ערקלעהר דיר אויף קלאר, מיין קאלירענדיג הארץ:
ס'איז רויט וויא א פייער, ברענט — וויא טויזענד פלאמען,
וויא דער בלאזאק צונעהמט זיך עס און פאלט ווידער צוזאמען,
וויא דער האמער אויף דעם אמבאס, אזוי קלאפט עס פעסט! —
אה! א לאנגע צייט, האט עס מיך שטיקערהייט געפרעסט...
איך קען שוין ניט אויסהאלטען, ס'איז שוין איבער מיין כח,
מעגסט מיך רופען: נאר, משוגע, דולער מח!
בייא דיר אין דיא הענד ליגט יעצט מיין עשירות, מיין לעבען,
דיין איין ווארט קען מיך בעלעבען, אדער דעם טויט געבען...

(וויכער) אה! רעד ארויס דעם משפט מיט דיא זיסע ליפען דיינע:
קען איך האפען? דינה! זאלסט אייביג זיין מיינע? ! — —

**דינה.** עס טהוט מיר זעהר לייד אויף דער לאגע אויף דיינער! —
וויא וואגסטו דאס צו זאגען, דוא נארישער סאמאריטאנער!
ר' אלעזר המודעי'ס טאכטער, איבערצוקויפען מיט געלד?
חא! חא! חא! און ווער? נאך אזא מיאוסע, שמוציגע, מבוזה
געשטאלט?

מיין שמעון בר־כוכבא פערבייטען פאר אזא נבלה?...

(מיט האס) ווער האט דיר דאס רעכט געגעבען, דוא שברי כלי
צו דענקען נאר אזוי! — מיין נאמען צו דערמאנען
אויף דיינע טרפה'נע ליפען!—גיך, אוועק פון דאנען!
אוועק—אוועק פון דעם הייליגען ארט, דוא חיה בזויה!
נא דיר, און געה דיר, מיט דיין מציאה!...

(זיא טהוט איהם א שמייז אין פנים דאס שנור פערל און נעהט אוועק רעכטס, — פאפוס בלייבט שטעהן טרויעריג און קוקט; באלד אויף דעם ארט וואו אהין זיא איז אוועק געגאנגען, און באלד אויפ'ן שנור פערל וואס ליגט אויף דער ערד, נאכהער זאגט ער פאר זיך מיט א זיפץ:)

**פאפוס.** אמן — אמן! — יא — אמן סלה! — ס'הייסט אנ־עק — אנ־עק!
(נאכדענקענד) „אוועק דוא חיה בזויה פון דעם הייליגען ארט אוועק!"
וואס פאר א רוח האט מיך געטראגען איך זאל יעצט רעדען מיט איהר?
וואס האב איך איהר געדארפט מגלה זיין, וואס ס'ליגט אין הערצען בייא מיר?
נא — אויף אזא ברוך הבא האב איך מיך ניט גערעכנט! —
„מיין — שמעון — בר — כוכבא!"... אהא! אויב אזוי איז שוין רעכט! —
„שמעון בר־כוכבא?"... ער שטעהט מיר אין וועג, דער גבור?
אודאי קען מען ניט זאגען ער איז א יונג א ליעבער!
מיט שווארצע לאקען — צווייא גאנצע איינעלעך! —
צווייא גלייכע פיס. ער איז איהרער? — — מענליך! —
וואס־זשע בין איך אין דער אמת בייא איהר אזא מציאה?
וואו אהין־זשע שטופ איך מיך אין דער אמת'ן, איך חיה בזויה?
„חיה בזויה?" וואס הייסט „חיה?" קיין מענש ניט אפילו?
וואס? — מען לייקענט מיר גאר אפ מיינע מענשליכע געפיהלע?
ס'הייסט אז מען זידעלט מיך דארף איך ניט פערשטעהען?
אז מען שניידט מיר דיא אדערן, דארף קיין בלוט ניט געהען?
מיין הארץ איז קיין הארץ ניט, ווייל עס האט ניט דיא קלארע דעק?
און אז ניט קיין שעהן פנים איז שוין אויס מענש! — אנ־עק?! —
נארראנים! — ווייסט איהר דען ניט, אז דערפאר האב איך א סך איינעווענינגסטע מעלות — אה פיעל מעהר פון אייך!...
דיא נאטור איז ניט אזוי וויא איהר אזא שלעכטע, אזא שטרענגע,
דער־ניט זיא ניט איינעם אינס, ניט זיא איהם דאס צווייטע א מענגע...
דערפאר וואס זיא האט מיר ניט אין קאפ איין אויג דערוועגט,
האט זיא מיר אין מח דערפאר מעהר געהירן דערלעגט,



אונטער מיין שווארצער הויט קלאפט דאס הארץ נאך גרעסער!
הייסער פליסט דאס בלוט, שטארקער און בעסער,
הייסער פון אייך האלט עס ליעבע, הייסער פון אייך קנאה,
הייסער פון אייך טראגט עס נקמה, הייסער פון אייך—שנאה;
איהר זייט אלע בייא מיר אין דיא הענד, איך וועל אייך ווייזען,
אה, דוא שעהנע דינה, מיט דיין שטארקען ווילען פון אייזען!
דוא אלעזר מיט דיין חכמה, בר־כוכבא מיט דיין גבורה!
זייערע ביינער וועלען צוקנאקען, מיינע שארפע ציין פון מסירה!
ראכע! ראכע! נקמה! אה וויא זיס ביסטו נקמה!
דוא ביסט יעצט מיין לעבען מיין — נשמה.

(זינגט).

אלסדינג איז בייא מיר פערשטעלט
מיט דער שווארצער מאסקע — דערפאר
הייס איך בייא דער וועלט:
א קבצן און א נאר;
חא! חא! איך לאך מיך אויס! (ביס)

וואס דארף מיך יענער וויסען אז איך בין א גביר,
איך מאך מיך פאר א נאר מען זאל זיך ניט היטען פאר מיר
וואו מען דארף האב איך אויך כח,
וואו מען דארף בין איך פרום אויך,
אין חניפה בין איך ערשט גאר גרויס!

איך נאר אויס סודות בייא דיא קלוגע,
איך מאך זייא אלע דול, משוגע,
און טהו דערנאך א שפיצעל אפ אז ס'טהוט זייא אלע וועה
און קוועל און לאך פון זייא — (ביס)

אוי דיא נקמה
איז מיין נשמה } ביס
מיין לעבען, מיין נחמה!

און אז מיך האט מיט א מום
בעשאפען דיא נאטור,

און אז איך בין בלינד און קרום
צו וואס טויג איך חלעבען נאר?
חא! חא! איך לאך מיך אוים! (ביס)

אבער וואס דאס איין און איינציג איינעלע זעחט?
אבער וואו אחין דאס איין און איינציג פיסעלע געהט?
מיין שפרונג איז לופטיג,
מיין קוק איז ניפטיג,
קיינער ווייסט נים בייא מיר אזוי גרוים;

איך שפרינג אוים אויף אלע רעבער,
קוק מיר ארום שטיל אלע קעבער,
און מהו דערנאך א שפיצעל אפ, אז ס'טהוט וויא אלע וועה,
און קוועל און לאך פון זייא — (ביס)

אוי דיא נקמה
איז מיין נשמה
מיין לעבען, מיין נחמה! } ביס

(לויפט ארוים לינקס).

---

### פינפטע סצענע  דריטעס בילד.

(שטעלט פאר דעם הר המוריה — אויף איהם 4 שטאנגען, וועלכע זיינען בעהאנגען מיט אלערלייא בלומען געדעקט א באלדאכין — אויף דער ביהנע רעכטס שטעהט א טראהן, מוזיק פאנגט אן צו שפיעלען א מארש, עס קומען אן פיעל אידיש מיליטער, שטעלען זיך לינקס אויף דער ביהנע, נאך זייא קומען אן מיידלעך, מיט פריכטע און בלומען אין דיא הענד, שטעלען זיך אוים ביים ארויף גאנג דעם בארג. נאך זייא קומען אן כהנים, לוים, און א סך פאלק — נאכהער געהען פאהנען־טרעגער, פאלמען־טרעגער, מען פיהרט אריין בר־כוכבא אויף א פערגאלדעטען וואגען, צוויא נענער שלעפען דעם וואגען. ער געהט אראפ פונ'ם וואגען, זעטצט זיך אויף דעם טראהן, פער שידענע טענצער טאנצען פאר איהם, פריהער מיידליך, נאכהער דיא נעגר זאנדעטע פון אשור, נאכהער ווילדע בעדואינער, אראבער, עגיפטער, און וועהרענד דאס אלעס ענדיגט זיך, נעהמען איהם אן דיא כהנים מיט דיא לוים און פיהרען איהם ארויף אויפ'ן בארג וואו עס שטעהט דער באלדאכין, שטעלען איהם אנידער נעבען כהן גדול, וועלכער שטעהט שוין פון פריהער דארט מיט דעם שמן המשחה, כהנים טהון איהם דיא קרוין אן, דער כהן גדול גיסט אויף איהם ארויף דעם שמן המשחה און זאלבט איהם.



(קאהר זינגט).

אזוי וויא דוא ביזט דא ערהויבען,
מיר זאלבען דיך אויף דעם ארט,
אזוי זאל גאט פון אויבען
דיך זאלבען אים הימעל דארט!

(מען טהוט איהם אן דיא קרוין, בר־כוכבא געהט אראפ בעגלייטעט פון כהנים מיט לוים, ער זעצט זיך אריין אינ'ם וואגען, דאס פאלק לויפט ארום איהם און זינגען):

שרייט־זשע אויך;
שרייט אלע בית־יהודה ברכו את השם
ירושלים אונזער היילינע שטאט
אונזער גלאנץ און אונזער שיין,
עפען דיינע טויערן ווייט
לאז דיינע קינדער אריין!

האח! האח! האח! מיט פויקען און מיט הארפע־קלאנג
האח! האח! האח! מיט טענצע און מיט געזאנג!
(דיא ביהנע ווערט עלעקטריש בעלייכטעט — דער פארהאנג פאלט.)

---

# צווייטער אקט.

### ערשטע סצענע  פערטעס בילד:

(שטעלט פאר א פראכטפאלען זאאל ביא טורנוס רופוס — רעכטס זיטצען רופוס און סעראפהינא, אויף צווייא גאלדענע שטולען, לינקס שטעהען א סך האף מיליטער, האלטען אין דיא הענד קריגליך מיט וויין און בעכערס. זייא גיסען אן פון דיא קריגליך אין דיא בעכערס און טרינקען — א דיענער טראגט צו צו רופוס'ן מיט סעראפינא אין צווייא גאלדענע בעכערס וויין, שטעלט אנידער פאר זייא — אללע זינגען):

קאהר. שטארקער, שטארקער, זינגט־זשע אלע ברידער!
ניכער גיכער טרינקט־זשע אוים און גיסט אן ווידער!

שטארקער, שטארקער זינגט־זשע אלע ברידער!
ניכער, ניכער טרינקט־זשע אוים דעם ווין! —

איינינע. צו וועמען געהערט דיא גרעסטע מאכט?
אנדערע. צו דיא רוימער!
איינינע. צו וועמען געהערט דיא גאנצע פראכט?
אנדערע. צו דיא רוימער!
איינינע. ווער קען טרינקען, טרינקען בעסער? — יא, דיא רוימער.
אנדערע. ווער קען זינגען, זינגען גרעסער? — יא, דיא רוימער;
אללע. שטארקער, שטארקער, זינגט־זשע אלע ברידער,
ניכער, ניכער טרינקט־זשע אוים און גיסט אן ווידער!
שטארקער, שטארקער, זינגט־זשע אלע ברידער,
ניכער, ניכער, טרינקט־זשע אוים דעם ווין! —

---

## צווייטע סצענע.

---

(פאפוס קומט אריין, פערביינט זיך פאר אללע).

רופוס. אה! וואס מאכסטו פאפוס, מיין רוימער גוטער פריינד?
האסטו עפיס געבראכט נייעס, קומסט פונ'ם לאנד?
(צו דיא דינער) גיסט איהם אן פונ'ם רויטען, ער איז עפיס פערשמאכט,
(דינער גיבען איהם ווין. נא טרינק פאפוס, זאג וואס האסטו עפיס געבראכט?
פאפוס. א, צופיעל כבוד, ציזאר, איך דאנק אייך זעהר! —
איהר ווייסט דאך, אז איך טרינק קיין ווין ניט מעהר,
בפרט אז יעדער זעהט, קוקט פון אלע זייטען....
ווייל איך האב פשוט מורא פאר א גוט אויג, ס'קען מיר נאך
שאטען...
אט קענט איהר טאקע באלד האבען א סימן:
אט ווארפט מען שוין איינעלאך אויף מיר זינט איך בין געקומען;
ווייסט איהר טאקע ווער? איהר וועט אייך נאר ניט וועלען גלויבען,
טאקע, אייער גנעדיגע פרוי! דיא ציזארין זאל לעבען!...



רופוס. (בלייבט זיצען גלייך וויא פערווירדט. ער קוקט אויף סעראפהינא און זאגט וויא מיט איראניע):
שעהן, מיין ליעבע סעראפהינא, איך האב עס ניט געגלויבט אויף דיר!
איז דאס וואהר? געשטעהט עס אפען מיר!
דוא אייפערזיכטיגע פרוי, וויא פיעל דוא פלעגסט מיך פלאגען
מיט דיין וואהנזיניגער אייפערזוכט, און איך האב געמוזט שווייגען;
יעצט האב איך דיך דערטאפט, זאג ארויס שנעל!
איז ער מיין געבען בוהלער? געהט א דועל! (צולאכט זיך)

סעראפהינא (קלאמערשט וויינענד) אה, מיין טהייערער מאן! — דוא מוזט מיר פערצייהען!
איך האב געטהון א פעהלער, וואס איך קען איהם ניט בערייהען,
איך געשטעה דיר פרייא, איך טאר עס ניט פארהוילען,
מיין הארץ ברענט אין מיר וויא געגליהטע קוילען,
מיין אויג האט געזינדיגט אין דעם מאמענט!
זייט איך האב דערזעהן פאפוס'ן, מיט דעם שנור פערל אין דיא הענד.
אה! איך בין פערליעבט אין דעם, איך לאז קיין אויג ניט אראפ
(ליעבליך) קויף עס מיר, איך בעט דיך, בייא איהם ניכער אפ!

פאפוס (מיט א שמייכעל) נא! אויב פאפוס האט א גוטען קוק!
איך האב אייך געבראכט נאך א בעסערן אנטיק:
א בריליאנט! וואס טרעפט זיך זעלטען אזא מציאה,
איהר האט דאך אין דיא זאכען, יא א גוטע ידיעה,
קוקט אייך איהם גוט אן, איך געטרויע אייך אהיים,
איהר מעגט פרעגען מענשען, וואס זיינען מבינים אויף דעם;
נאט אייך אויף דעם בונד פערל, נאר זעהט היט עס אפ,
דיא קניפליך ניט איבעררייסען, ווייל ס'נעהמט זיך אראפ! —

סעראפהינא. שעהן איך דאנק אייך, איך וועל געהן בעטראכטען דעם שנור,
(צו רופוס'ן, וועהרענד זיא געהט אוועק מיט א שמייכעל).
נא מיין ליעבער? ווערסטו נאך אייפערן אויף מיר?

רופוס (קוקט זיא ליעבליך אן). געה מיין ליעבע! מעגסט עס דיר אנקוקען—
(סעראפהינא געהט אוועק רעכטס צו פאפוס'ן):

וויא לאנג פאפוס וועסטו מיך אויסברענגען מיט דיינע אנטיקען ?

פאפוס. דאס בינטעל מיט פערל, האב איך געבראכט דער צעזארין
פאר אייך האב איך אויך א בינטעל, נאר איהר זאלט זיך ניט בייזערן ?—

רופוס (קוקט איהם פערוואונדערט אן) א בינטעל מיט פערל האסטו אויך פאר מיר ?

פאפוס. יא ! א בינטעל ! נאר מיט קניפלעך — — ניט קיין שניר ! . . .

רופוס (מיט כעס) רעדסט אלץ מיט דיינע רעטהזעלן, איך ווער שוין בייז, דוא
הונד ! —

פאפוס. יא ! פון אייערטוועגען איז דא טאקע א גאנצער בונט !

(ער טהוט א וואונק צו רופוס'ן ער זאל הייסען דעם עולם ארויסגעהן — רופוס טהוט
א מאך מיט דער האנד — אלע געהן ארויס).

יא, קניפליך א סך ווערט יעצט געמאכט פון אלע אידען,
ווייל זייא זיינען פון דער רוימישער מאכט ניט צופרידען.
דער בונד איז שוין אפגעמאכט דאס איז געוויס,
אז בייא איין פיפס שטעהען זייא אלע אויף דיא פיס,
ערקלעהרען קריעג דיא רוימער — ארפווארפען דעם יאך,
דער אויפשטאנד דארף געשעהען נאך היינטיגע וואך...

רופוס (בעטראכט איהם דיא גאנצע צייט מיט בעזע בליקען, נאכהער זאגט ער :)

אוועק דוא ליגנער ! וואס פאר א בעוויז קענסטו מיר געבען,
אז איך קען דיר אויף דיינע שרעקליכע רייד גלויבען ?

פאפוס. א צעזאר ! איהר קענט דאך אייער פאפוס'ן, דאכט מיר, ניט פון
היינט,
זאגט־זשע אליין, איז אייך מיין געטריישאפט ווייניג בעקאנט ? !

רופוס (גלאסענער) יא, ביזט מיר געטרייא, ס'איז וואהר, פאר וואס זאל איך
זאגען,
איך האב מיך אויף דיין געטריישאפט נישט צו בעקלאגען ;
נאר אויב דאס איז ווירקליך אזוי, גיב מיר איין עצה דאצו,
דערצעהל מיר, ערקלעהר מיר, ווער, וואס, ווען, וואו ?



קלוג ביסטו פאפוס, דער רוח האט דיך ניט גענומען,
צו גוטע עצות ביסטו שטענדיג צו ניטץ געקומען.... !

פאפוס. מיין עצה איז..... (פערטראכט)

רופוס. איז וואס ?

פאפוס. — — יא, אזוי מוז מען זעהן....

רופוס. (אונגעדולדיג) וויא אזוי, נו ?

פאפוס. מיין עצה איז...

רופוס. (מיט א געשרייא) איז וואס ! דוא רעדסט צו ניין ?

פאפוס. מיין עצה איז, דיא ק ע נ י ג י ן פון דיא בינען צו דערטאפען,
וועט איהר שוין אלע בינען, גאר גרינג קענען חאפען...

רופוס. ווידער רעדסטו מיט משלים, ווידער מיט דיין שפאס ?
רעדסט דייטליך, ווארום דוא ברייגנסט מיך אין כעס !

פאפוס. וואס טויג דער כעס, מ'דארף נאר מיט גוטען געהען,
דיא זאך איז גאנץ פשוט : דא דארף מען נאר זעהען
דעם גרויסען קאפ בעקומען פון דער מרידה,
ער איז שוין יעצט נעקריינט פאר א מלך איבער יהודה — —
שמעון בר־כוכבא מיין איך, ע ר פ י ה ר ט דאס גאנצע רעדעל,
און ער מוז אויסגיסען פאר אלע דאס בעדעל !
א י ה ם דארף מען נאר זעהן מאכען קירצער מיט א קאפ,
איז אהן סכנה, ווערט שטיל מיט איין קלאפ !—...

רופוס. (נאכדענקענד) יא, חאפען ? דאס איז קיין פליג — א געזונטער יונג !
צו דערטאפען אזא העלד, דארף ניט זיין אזוי גרינג,
וויא אזוי חאפט מען שנעל אזא ווילדען טיגער ?
אפשר ווייסטו ? נו זייא א קלוגער ! — —

פאפוס. בא ! מיר וועלען בעקומען איין עצה, אז מיר וועלען קלעהרען —

רופוס. געפינסטו ! וועסטו בייא מיר דיא רעכטע האנד ווערען,
אויסער דעם וואס דוא בעקומסט פון מיר א פולע האנד
נאלד און זילבער, (מיט א שמייכעל) וואס דאס האסטו דאך גאר פיינד ?..

פאפוס. אה ! זאל נאט היטען ! — אזא מצוה פאר נעלד צו פערקויפען ?
וויא פאפוס האט ליעב געלד, נאר ניט בייא אזא—נ'אופן :

דאָרט וואו מיין מלכות קען ליידען דערבייא...
אָט האט איהר מיין עצה אומזיסט! און ווייסט ווער ס׳איז אייך געטרייא?
איהר האפּט נאָר איין טויב, וועט דיא צווייטע טויב אליין קומען!...
איהר קענט דאָך ר׳ אלעזר המודעי, דעם אלטען, דעם פרומען?

**רופוס.** יא! ווער קען ניט דעם ערשטען געלעהרטען פון יהודה?

**פאפּוס.** נו, און זיא קענט איהר דאָך אודאי! זיין שעהנע בת יחידה...
דינה! — ניט איין מאל האט זיא שפּאצירט אין דער געגענד,

(פּייגט זיך צו צו איהם און זאגט מיט א שמייכעל):

איהר פלעגט שטענדיג ווארפען אויף איהר איינעלעך, ווען איהר האט זיא בעגעגענט...

**רופוס.** דינה? אָט דיא יודישע נעטטין, דאס איז זיין קינד?

**פאפּוס.** מם, מם! זיא איז שוין בר־כוכבא׳ס כלה אצינד! —
דער אלטער האט זיא איהם צוגעזאָגט, אז ער וועט זיא איהם געבען,
נאָר דאמאלס, ווען ער וועט מיט דיא רוימער אין פרידען לעבען;
ער האט אָבער געשוואוירען, אז ער נעהמט ערשט דיא כלה,
ווען ער וועט ארויס טרייבען דיא רוימער אלע—.
אצינד דארפט איהר שוין ניט קלעהרען קיין סך,
וויא מע׳דערטאפּט דעם בחור אין פּאלאסט צו׳ן אייך!...

**רופוס.** (קלעהרט) איך האב שוין געקלערט, נו וואס קלעהרסטו? זאָג?

**פאפּוס.** (מיט א שמייכעל) אָה, דאס איז גוט געקלעהרט, קלוג וויא דער טאָג!
בלייבט עס, הייסט׳ס, אז נאָר פאפּוס דארף אונטערשטעלען זיין פּלייצע,
א ל׳ץ פאפּוס דארף געבען דיא בעסטע עצה? (פּויזע)
איהר זייט דאָך א גוטער יעגער, איהר האפּט דיא „זיא" פונ׳ם טייבעל
וועט דער „ער" שוין אליין קומען צו פליהען צום ווייבעל!...

**רופוס.** ווידער מיט משלים? אָה דאס מאכט מיר דעם טויט!
פאפּוס! הער אויף צו וויצלען, ווען מ׳שטעהט אין א נויט!

**פאפּוס.** נו נענוג! — איהר שיקט רופען צו זיך ר׳ אלעזר דעם פרומען,
ער וועט צו׳ן אייך אָהן זיין טאָכטער געוויס ניט קומען,



און מאכט אויף איהם א בלבול, אז ער האט דאָ אין גאנצען צו טהון,
און דער בונד איז זיין ארבייט, (חאָטש ס׳הייבט זיך נאר ניט אָן),
ווייל ער איז דער איינציגער, וואס שרייט נאָר פרידען!
ער האט שוין לאנג געוואָלט דאָ זיין בעטען פאר דיא יודען,
און אזוי וויא זיין טאָכטער וועט מיט איהם אויך געהען,
ווייל אויף דער עלטער לאָזט זיא איהם ניט געהען אליין,
וועט איהר זיין טאָכטער פאר א משכון בייא זיך פערהאלטען,
און אום צו מאכען שלום אוועק שיקען אהיים דעם אלטען;
בר־כוכבא וועט עס באלד דערהערען, וועט ער גיך קומען צו לויפען,
זיין געפאנגענע געליעבטע פון אייערע הענד אויסצוקויפען,
דענסטמאָלט.... אז מען דערטאפּט צו זיך אזא איין אנטיק,
מאכט מען איהם חיק! — חיק! — און עס וועט זיין מיט גליק!

(וועהרענד ער זאָגט: „חיק חיק!" ווייזט ער מיט דעם פינגער איבער׳ן האלז, גלייך וויא מען קוילעט איינעם — רופוס צולייגט זיך איבער׳ן שטוהל און בלאָזט זיך אָן, גלייך וויא איינער וואס וואַרפט פון זיך אראָפּ א שווערע משא!).

**רופוס.** אָה פאָ! א גאנצע לאסט איז מיר אראָפּ פונ׳ם הערצען!
דוא ווייסט גאר ניט וויא פיעל איך האב דערפון געהאט שמערצען.

(ער לייגט ארויף דיא האנד אויף זיין אקסעל.)

פאפּוס! ווען איך פיהר דאס אויס אין אלע פאכען,
ווייסטו גאר ניט וויא גליקליך איך וועל דיך מאכען —
(צו דיא דינער) הע! שליח! ווער פון אייך וועט שנעלער געהען! ווער?
דעם אלטען אלעזר אוינגעבליקליך ברייננען אהער!

(א דיענער טרעט ארויס, פערנייגט זיך און געהט אוועק).

(צו פאפּוס׳ן) באלד וועט מען זיא ברייננען, איך האב שוין א בעפעהל געגעבען,
נו, אז ס׳איז יא אזוי, מוזען מיר שוין צו לעבען,
דינער! שנעל בריינג אריין נאך אמאל פונ׳ם רויטען...
מיר וועלען טרינקען אויף דעם וואס העלפט אין אלע נויטען!

(דיענער בריינגט אריין וויין, גיסט אָן אין בעכער וואס פאר רופוס׳ן, נאכדעם טראָגט ער צו פאפּוס׳ן א בעכער וויין, נאכהער גיסט ער אָן אין אלע בעכערס פונ׳ם מיליטער.)

**רופוס!** (הייבט אויף זיין בעכער אין דער הויך, גיט א געשרייא) וויוואט!

**אללע.** וויוואט! וויוואט! (זינגען)

שטארקער, שטארקער, זיננט־זשע אלע ברידער!
ניכער, ניכער, טרינקט־זשע אוים און גיסט אָן ווידער,
שטארקער, שטארקער, זיננט־זשע אלע ברידער,
ניכער, ניכער, טרינקט־זשע אוים דעם וויין!

**איינינע.** צו וועמען געהערט דיא גרעסטע מאכט?

**אנדערע.** צו דיא רוימער!

**איינינע.** צו וועמען געהערט דיא גאנצע פראכט?

**אנדערע.** צו דיא רוימער!

**איינינע.** ווער קען טרינקען, טרינקען בעסער?

**אנדערע.** יא, דיא רוימער!

**איינינע.** ווער קען זינגען, זינגען גרעסער?

**אנדערע.** יא, דיא רוימער! (4 מאל)

**אללע.** שטארקער! שטארקער! (ביז אוים דעם וויין).

**רופוס.** נאך אמאל — דאס זעלבע נאך איין מאל
יא, יא, ווידערהאָלט עס אָן א צאָהל (פיסס)

**אללע.** שטארקער! שטארקער! (ביז אוים דעם וויין).

**רופוס.** אלע קרינגלאך מוזען ליידיג ווערען
אייער געביטער מוזט איהר אלע העהרען (קאָהר ביסס)
גיסט־זשע אָן אויפ'ס נייע וויין! (קאָהר ביסס)
גיסט־זשע אָן אויפ'ס נייע אָט דעם רויטען וויין, (קאָהר פיסס)
וויוואט! וויוואט! וויוואט! לאָמיר פרעהליך זיין! (קאָהר ביסס)

(וועהרענד אלע טרינקען, זינגען, רוקט זיך פאפוס אלע מאל נעהענטער צו דער טהיר, ביז ער רוקט זיך ארויס אין גאנצען, אזוי אז קיינער בעמערקט עס ניט).

---

## דריטע סצענע.

---

(אלעזר מיט דינה'ן קומען אריין, פערבייגען זיך).

**רופוס.** וויא קומט עס, דוא אלטער חכם אלעזר,
וואס דוא רעדסט צו דיין פאָלק מורד זיין אין דעם קייזער?
(אלעזר מיט דינה'ן קוקן זיך פערוואונדערט אָן).



**אלעזר.** מוזט מיר מוחל זיין, אָה צעזאר, לאנג זאָלסטו לעבען!
איך קען נאר ניט דיינקען, זאָלסט אויף מיר אזא זאך גלויבען;
בייא אלע קעניגע, און אין גאנצען לאנד בין איך בעקאנט,
אז נאָר שלום האב איך ליעב, קריעג האב איך פיינט,
איך שווער בייא מיין קינד, זיא איז בייא מיר טהייערער פון אלע סגולות,
אז דאס וואס מען האט דיר דערצעהלט, איז פאלש און רכילות!

**רופוס.** איז דען דאס ניט אמת? איז דאס ניט קיין ראיה?
פאר וואס שוויינסטו בר־כוכבא'ן, אָט דער ווילדער חיה?
וואס אָנצומאכען בונטען, לויפט ער ארום וויא א רוח —
נארט אָפּ דיא יודען, און זאָגט ער איז משיח!

**אלעזר.** אמת, מיר יודען גלויבען, אז עס וועט קומען משיח,
נאָר דאס וועט זיין אמאל! אמאל, ניט אזוי גיך,
דערווייל, איידער עפּעס וועט אמאל זיין,
פערהאלטען מיר זיך רוהיג, געלאסען און פיין;
ווער שמועסט דיינע דיענער זאָלען מיין פאָלק ניט אזוי דריקען,
ווען מען זאָל אונז בעהאנדלען מענשליך, ניט אומזיסט זייא דערשטיקען;
וויא שטיל דאס פאָלק וואָלט געווען, וואָלסטו געזעהען אליין,
געמרייע קנעכט וואָלטען זייא דיר אייביג געווען;
וואָלסט אליין פון זייא אויף הנאה געהאט,
נאָר לאָזען אונז רוהיג ליעבען, אונזער תורה! — אונזער גאָט!

**רופוס.** „אונזער תורה, אונזער גאָט!“ וויא קען זיך דאס פאסען,
אזא תורה, וואס לערענט אייך אלע פעלקער האסען?
(איראָניש) איהר בעריהמט אייך, אז בייא אייער גאָט זיינען אלע נמאס,
נאָר אייך האט ער אויסגעקליבען פון אלע אומות!....

**אלעזר.** וועסט מיר מוזען מוחל זיין, ווערטהער פערטרעטער פונ'ם קעניג,
אז איך וועל מיינען, אז דוא קענסט אונזער תורה זעהר ווייניג! —
אונזער תורה הייסט נאָר ליעבען פרעמדע אָהן א שיעור,
דערפאר טאקע זיינען מיר אזוי שטאָלץ אויף איהר,
ווייל זיא רעדט נאָר פון ברודערשאפט, ליעבע צו'ן אלע גלייך —
פון רחמנות, גנאדע, בארמהערצינקייט א סך!

און וואס שאדט עס דעם הערשער, וואס האט אזעלכע אונטערטהאן,
אזוינע, וואס רעדען זיך מיט רעכט אן,
אז זייא האבען איין גאט, וואס האט זייא דיא תורה געגעבען,
וואס הייסט אלע מענשען גלייך שעטצען און ליעבען,
בפרט דעם גוטען בעל־הבית וואס הערשט מיט ישרנות,
פאר איהם שטרעקען דאס לעבען, אפילו מיט סכנות!

**רופוס.** „בפרט דעם גוטען בעל־הבית וואס הערשט מיט ישרנות?"
איך פערשטעה דיך, דוא חכם, וואוהין עס ווינקט דיין לצנות,
ס'הייסט: מיר הערשען מיט יושר נאר — — נאר פערקעהרט!
אוי, אלטער פוקס ביסטו דערפאר ווערטה!

**אלעזר.** איך רעכען, אז אזא הערשער וויא דוא, וואס שטעהט אזוי הויך,
וואלט ניט געשאט צו פערשטעהען מענשליכקייט אויך! —
ניט איין מאל האט אויף אונז געהערשט דער מלך פון פרס,
ער האט אונז גוט בעהאנדעלט, ניט אנגעטהון קיין צרות,
האבען מיר אין אמת'ן, געבעטען פאר זיין לעבען: —
און צייט גאט האט אונז אין דיא הענד פון דיא רוימער איבערגעגעבען,
איז באמת ניט אויסצושטעהן פון זייער רציחה!
איך בעקלאג מיך ניט חלילה אויפ'ן מלך און אויף דער מלוכה,
ער זאל אייביג לעבען, אה! ער איז גוט וויא דיא וועלט,
איך רייד נאר פון דיא קליינע הערשער, וואס ער האט איבער
אונז געשטעלט,
דיא קליינע הערשער ווייסען גאר פון קיין מענשליכקייט ניט,
זייא באדען זיך אומבערחמנות אין אונזער יודיש בלוט,
געוויס, ווען מ'וועט זייא אזוי מארטערן און קוועהלען,
וועט עס מוזען אנקומען צום קייזער, מען וועט עס איהם דערצעהלען —
איך האב שוין לאנג געוואלט קומען אהער צו געהן,
בעטען, זאלסט אנזאגען דיינע מענשען זיך אונמענשליך ניט צו בענעהן,
פרעג מיט שלום, וועט מען דיר „שלום" ענטפער געבען! —
יא, שלום! — פאר „שלום" גאראנטיר איך דיר מיט מיין לעבען!

**רופוס.** גאראנטירסט מיר יא, אז דוא וועסט זעהען ס'זאל זיין פרידען?
איך גלויב דיר אבער וועניגער וויא אלע דיינע יודען! —



א סימן וועל איך האבען, אז איך קען אויף דיינע רייד שטעלען,
אז דוא וועסט מיר געבען א משכון, וואס מיר וועט געפעלען:
קעהר דיך אהיים צוריק און ביז דוא וועסט ניט מאכען שלום פריהער,
פערהאלטען וועל איך פאר א משכון דיין טאכטער בייא מיר! —

(אלעזר מיט דינה'ן ערשראקען — שפרינגען אפ).

**אלעזר.** אה! צעזאר! וואס רעדסטו? איז ערנסט דיין מיין,
**רופוס.** (קאלטבלוטיג) ערנסט! גאנץ ערנסט, אזוי מוז, און אזוי וועט עס געשעהן! —
**אלעזר.** ניין! אה ניין, איך גלויב עס אויף דיר ניט,
אז דוא זאלסט מאכען אזא געוואגטען שריט!
מיט דעם, מיינסטו, צו פערלעשען דעם פלאם וואס ברענט ארום דיר,
אה! וועסט איהם נאך שטארקער צופלאקערן, גלויב־זשע מיר!
אט דאס הייסט בייא דיר שלום? דאס הייסט בייא דיר מיט גוטען?
געדענק דעם אלטענס רייד, איך זאג דיר זאלסט דיך היטען!
מיט דעם וועסטו צו רויב־פויגעל מאכען דיא רוהיגע טויבען,
אז דיא יודען וועלען הערען, אז דוא ווילסט נאך זייערע קינדער רויבען.
וועסטו מיט דעם זייער האס שרעקליך צו רייצען....
דוא אליין וועסט דיר דאס פייער אונטערהייצען ...
דאס קינד וועט דיר ניט העלפען, דיין שטיצע איז שוואך!
דוא שיק בעסער צום קייזער, ער זאל דיר אונטערשיקען חיל א סך,
וואָרום ענטגעגען אזא גרויסער מאכט, וועסטו זיך ניט קענען וועהרען...
דוא האסט דא וועניג חיל, גאט ווייסט וואס עס קען ווערען —

**רופוס.** (בעז), איך שטעה ניט אין דיינע עצות, אהיים זאלסטו געהען!
נישט קשה, איך וועל קענען אהן דיר מיין שטעדטעל בעשטעהן! —

(אלעזר וויל איהם עטוואס זאגען.)

אוועק, זאג איך דיר פון מיר, איידער מיין צארן האט זיך צונאסען!
איך האב געזאגט, אזוי מוז עס בלייבען, אזוי האב איך בעשלאסען! —

**אלעזר מיט דינה.** צעזאר! אה, צעזאר!
**רופוס.** אוועק! זאגט מען אייך מיט גוטען!
**אלעזר.** אה, צעזאר, איך בעט דיך. גאט זאל דיך היטען! —

(פאלט אויף דיא קניע).

זעה דעם כבוד, וואס איך גיב דיר אָפּ, נאָט זאָל דיך בענשען,
דאס ערשטע מאל אויף זיין לעבען, קניעט דער אלטער פאר א מענשען...
ניין, מיין איינציג קינד מוזטו מיר אָפּגעבען,
האב רחמנות אויף אונזער, און אויף ד י י ן לעבען! —

(ער גיט זיך פּלוצים א הייב אויף און זאָגט מיט איין ערנסטע מיענע).

יא! אויף „ד י י ן" לעבען זאָג איך, זאָלסטו האבען רחמנות!
ווייל דוא וועסט דעם ווילדען טיגער, מיט דעם אויפרייצען מיט סכנות,
דאס איז בר־כוכבא'ס כלה, און אז ער וועט דערהערען,
וועט ער נאך מעהר אין דער רציחה ווערען! —
אָה! דענסמאָלט וועל איך שוין אויך ניט קענען דיר פאַר'ן שלום שטעהן,
ער וועט א תל מאכען פון דיר, וועסט ניט קענען בעשטעהן!

ר ו פ ו ס. (צום מיליטער מיט א געשרייא) ווארפט ארויס דעם אלטען! נו, וואס
שטעהט איהר?
און דיא טאָכטער זאָלט איהר פערשליכען אין א צימער בייא מיר!

א ל ע ז ר. (פאלט אויף דיא קניע און זינגט) אוי האב רחמנות אויף מיינע אלטע יאָהר,
נעהם ניט אויף דיר קיין זינד!
רייב ניט דיא קרוין פון מיינע גראָע האָר. (ביסס)
גיב מיר צוריק מיין קינד! '

ניכער קען איך דיר מיין נשמה אוועק געבען )
נעהם זיא דיר באלד דאָ צו; )
אבי לאָז דיא יונגע נאך לעבען; ) ביסס
צו שטארבען איז איהר נאך צו פריה! )

ד י נ ה. (פאַלט אויך אויף דיא קניע און זינגט): איך בעט דיך, וויא יונג איך בין
איך בעט דיך זעהר דאס ניט טהון!
וואס האבען מיר דען ביידע געזינדיגט פאר דיר?
וואס האסטו אומזיסט געבעך צו'ן —איהם און צו מיר,
פאר וואס זאָלסטו אומברענגען א פאָטער מיט א קינד?
אוי! — איז דאס דען ניט א גרויסע זינד! —

ר ו פ ו ס. ניין מיין קינד, דאָ וועט ניט העלפען קיין געוויין,
איך האב איינמאל געזאָגט, און אזוי מוז געשעהן!



א ל ע ז ר. וויא ניט אזוי אין כעס אויף אונז,
מיט טראָג ניט אזוי דיין האס אויף אונז, (ביסס)

ד י נ ה. וואס זיינען מיר דען שולדיג אין דעם
לאָז אונז אָפּ געשווינד, לאָז אונז אָפּ אהיים. (ביסס)

ק אָ ה ר. נעה! דוא, נעהם זיא! נעה דוא צו נעה!
קום מיט מיר, איך נעה פריהער, זעה!
בעפעהל דוא הערשער, וואס צו טהון?
זיא צו שלעפען, זאָג וואוהין? —

ר ו פ ו ס. איך האב איינמאל געזאָגט, וועל איך האלטען וואָרט,
העו! דיענער! פיהרט ארויס דעם אלטען דאָרט!

(סאָלדאָטען ווילען איהם נעהמען. ד י נ ה חאַפּט איהם ווידער ארום, און לאָזט איהם ניט נעהמען און גיט א געשרייא „ניין" שטעלט זיך ווידער פאר רופוס'ן).

ד י נ ה. בארעכענט אייך נאָר, בארעכענט אצינד,
וואס איהר טהוט, איז דאס ניט א זינד?

(סאָלדאָטען ווילען זיא אָפּרייסען פונ'ם אלטען — זיא לאָזט זיך ניט, ווארפט זייא אָפּ און ראַנגעלט זיך מיט זייא).

ניין! ניין, ניין, ניין, איך לאָז ניט!
נעהמט אייך פאר איהם מיין לעבען —
ניין! ניין, ניין, ניין, איך לאָז ניט!
מיין פאטער מוזט איהר מיר אָפּגעבען,
אָפּגעבען מוזט איהר מיר איהם שנעל!
געוואלד, וואס האט איהר צו איהם! (ביסס)
טייט אונז בעסער געשווינד,
איידער צו שיידען אצינד —
ניין! ניין, ניין, ניין, איך לאָז ניט! (4 מאל)
נעהמט אייך אונזער לעבען,
איהר ווילדע וועלף און לעווען!
איך לאָז ניט (4 מאל) ניין.

(סאָלדאטען נעהמען אָן דעם אלטען, אנדערע נעהמען אָן דינה'ן, זיא רייסט זיך צום פאטער, שרייט מיט א ווילד קול. ענדליך פיהרט מען זיא אוועק — איהם בעזונדער— זיא בעזונדער. רופוס און אלע איבעריגע געהען ארויס נאך זייא.)

## פיערטע סצענע.

(פון דער לינקער זייט קומט אַן פּאפּוס, גלייך ווי ער גנב'ט זיך אריין — קוקט אין דער זייט אריין, וואוהין מען האט דינה'ן אַוועק געפיהרט, צולאַכט זיך מיט א ווילד געלעכטער).

פּאפּוס. (מיט פרייד) הא, דיא נקמה! איז מיין נשמה, מיין לעבען, מיין נחמה!
אָה, דינה, דינה! אַט האסטו דיר, דוא שעהנס!
איך האב דיך גוט שוין פערזאָרגט? דאס איז נומער איינס! —
דיין טאטע וועט אויך באלד בלייבען א „זכרונו לברכה"
מיט איהם אָפּצועקען, איז נאר קיין מלאכה! — —
נו? און דוא שטאָלצער רוימער מיט דער מעשענער כובע?!
חא, חא, חא! ער מיינט אין אמת'ן, אז איך מיין נאַר זיין טובה?
ער מיינט אין אמת'ן, אז ער איז נאַר איינער....
אוי וועט איהם שמעון בר־כוכבא ברעכען דיא ביינער!
מיט איין בלאָז מאכט ער פון איהם אש,
רופוס'עס קאָפּ ליעגט שוין וויא בייא בר־כוכבא'ן אין טאש;
וייל איך האב איהם שוין מודיע געוועזן אויף דער הייסער שעה,
אז זיין כלה איז פערשפּארט אין א פעסטונג דאָ — —
דערנאָך וועט קומען דער שוחט, און וועט קוילען דאס קעציניאָ;
שמעוניאָ בר־כוכבא'ניאָ חד גדיאָ! חד גדיאָ! —

(ער זינגט).

פּאפּוס היים איך!
אלעס וויים איך,
איבעראל שטעק איך אריין דיא נאָז —
א יאוועלען הענדער,
אויף א טענדלער,
אבי צו פערדיענען דאס ביסעלע מעות,
בריליאנטען־שטיינער,
העלפאנט־ביינער —
חד גדיא!
פערל א שניר,
אלעס בייא מיר —





חד גדיא!
איך דינג מיך ניט אראָב, ארויף —
חד גדיא!
און דער קונה האט א שווארצען סוף;
חד גדיא!

II.

דינה דיא שעהנע,
מוז זיין מיינע,
עס וועט ניט העלפען אפילו קיין טאַטער —
ווער עס וועט ניט וועלען,
איהם ניט געפעלען;
וועל איך איהם הערען וויא דעם קאַטער.
מיט דעם איינעם אויג,
וואס מיר טויג —
חד גדיא!
מיט דער קרומען פוס,
צוקער זיס —
חד גדיא!
קיינער וועט מיט מיר ניט קאָנקורירען....
חד גדיא!
און איך וועל דאָך מיינ'ס אויספיהרען.
חד גדיא!

III.

„בר־כוכבא" דעם העלד!
אויף יענער וועלט
וועל איך בעזאָרגען א שעהנע דירה —
אלעזר דעם אלטען,
וועל איך בעהאלטען —
איך וועל זייא מאכען דיא פּנירה.
אויף דעם צעזאר,
וואס איז א בייזער —
חד גדיא!

וועל איך א „שטיקעל" אויפשפיעלען;
ער וועט האבען צו פיהלען —
חד גדיא!
דאן וועל איך זיין אויף פסח א מלך!
חד גדיא!
און איך וועל מיר זינגען גאנץ פרעהליך —
חד גדיא!

(ער דערהערט ווי מען קומט אן — חאפט ער זיך צוריק קיינער זאל איהם ניט מערקען).

---

## פינפטע סצענע.

---

(אלע קומען אריין צוריק — רופוס זעצט זיך צוריק אויף דעם טראָהן. סאָלדאַטען שטעלען זיך אויך צוריק אויף זייער אָרט ענטקעגען רופוס'ן — רופוס שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויף דער האַנד און פערטראַכט זיך — פון לינקס קומט אן א מיליטעריסט, געהט צו גלייך צו רופוס'ן און זאָגט):

**מיליטעריסט.** דער יודישער העלד בר־כוכבא פרענגט זיך אהער!

(רופוס הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אויפ'ן מיליטעריסט, בלייבט זיצען אייניגע מינוטען פערווירט — נאכדעם זאָגט ער צו איהם):

**רופוס.** לאָז איהם אריין, נאָר טהוא איהם אויס זיין געוועהר!

(מיליטעריסט נייגט זיך און געהט אוועק לינקס).

---

## זעקסטע סצענע.

---

(בר־כוכבא לויפט שטאָלץ אריין און קוקט בייז אויף רופוסן.)

**רופוס.** וואס פאר א זאך האט דיך אהער געבראכט,
פון אלע יודען דיא גרויסע מאכט? —

**בר־כוכבא.** צו פאָדערן ר' אלעזר'ס טאָכטער בין איך געקומען,
וואס דוא האסט זיא מיט געוואלד געפאנגען גענומען.

**רופוס.** וואס פאר א רעכט האסטו צו ווייזען אויף איהר,
מעהר פון איהר פאטער, זיא צו פאָדערן בייא מיר?



**בר־כוכבא.** דוא רייבסט אוועק אָהן יושר א קינד,
און מיך פרעגסטו נאך אויף רעכט אצינד?
ס'איז קיין וואונדער, וואס דיינע מענשען בעהאנדלען אונז אזוי שלעכט,
ווען דער הערשער אליין ווייסט ניט פון קיין רעכט! —

**רופוס.** אויב דוא ביסט געקומען מיר פאָרשרייבען געזעטצע,
האב איך דערצו איין אנדערע צייט און אנדערע פּלעטצע;
יעצט זאָג! וואס דוא ווילסט, אויב איך דארפ'ס וויסען;
וויל פיעל צייט האב איך ניט מיט דיר צו שמיעסען —

**בר־כוכבא.** גיב אָפּ דאס קינד דיא יודען, דאס פאָדערן אלע,
און איך אליין פאָדער בייא דיר מיין געליעבטע כלה!
גיב זיא אָפּ, אויב דוא ווילסט מיט'ן וועג דעם גערעכטען,
ווען

 סטו זיא ניט געבען מיט גוטען, וועסטו זיא געבען מיט שלעכטען,

**רופוס.** הא, הא! איך האב גאר פערגעסען, מיט וועמען איך רעד דא, מיין ליעבער!

(שפּעטיש) דוא ביזט דאָך היינט בייא דיא יודען דער שמשון הגבור!....
אויב אזוי, א נו בעווייז נאָר דיין גבורה אצינד?
בעפרייא פון מיינע הענד דאס יודישע קינד?! —

**בר־כוכבא.** ווילסט וויסען ווער פון אונז איז א גרעסערער העלד?
איז ניט דאָ דאס פּלאטץ — קום מיט מיר אויף דעם אָפענעם שלאכט־פעלד! —

**רופוס.** (בייז) שטיל דוא געמיינער עברי! צופיעל כבוד פאר דיר!
מיינער א דיענער זאָל זיך שלאָגען מיט מיר!
ווייסטו דען ניט, אז איך קען דיך דאָ באלד טייטען?
סאָלדאַטען! שליעסט איהם אין שווערע קייטען! —

(סאָלדאַטען שליעסען איהם אין קייטען דיא הענד.)

**בר־כוכבא.** שעהן! — נאָר נאך מיין טויט זאָל מען וויסען איבעראַל,
אז א רוימישער העלד קען נאָר זיעגען אין אזא פאַל,
ווען זיין געגנער האט ניט קיין שטיקעל געוועהר,
פע! דאס זיינען קיינע קייטען, דייא זיינען ניט שווער!

(ער צונעהמט האסטיג דיא הענד, עס רייסען זיך איבער דיא קייטען, ער גיט זייא א ווארף אויף דער ערד, אלע בלייבען שטעהן פערוואונדערט און וויא ערשראָקען).

**רופוס.** טרעט צו שנעל, סאָלדאט! וואס שטעהסטו פערד?
האק איהם אָפּ שנעל זיין קאָפּ מיט דער שווערד!

(סאָלדאט טרעט צו צו'ן איהם, חאפּט ארויס דיא שווערד און הייבט זיא אויף איבער זיין קאָפּ).

**בר־כוכבא.** (חאַפּט ארויס דיא שווערד) שטעה, דוא נארישער העלד, דוא שוואכע אשה!
פע! צו רעדען מיט דיר איז מיר נאר א בושה.

(ער ברעכט איבער דיא שווערד און וואַרפט עס אוועק — אלע טרעטען אָפּ מיט שרעק).

**רופוס.** פיהרט איהם אריין אין דער ארענע צו ווילדע טהיערע,
און לאָז ער דאָרט בעווייזען זיין גבורה!

(אלע ווילען איהם ארום רינגלען).

**בר־כוכבא.** (טהוט א געשרייא און א טופּ מיט'ן פוס) שטעהט.

(אין דעם מאָמענט טהוט א זעטץ ארויס פון זיין קאַסקע א פלאַם פייער — אלע טרעטען ערשראָקען צוריק):

**בר־כוכבא.** (זינגט) מיר העלדען זיינען דאָך ניט מרה־שחורה'דיג,
צום קריעג דער שופר נאָר רופט!

**קאָהר!** הערט איין עזות דאָרט!

**בר־כוכבא.** אָנגעשארפט זיינען דיא שפּיזען נאר מורת'דיג
געטונקט דיא פיילען אין גיפט!...

**קאָהר.** הערט נאָר אויס!

**בר־כוכבא.** מיר שטעכען, מיר ברעכען, מיר שניידען נאָר זיגעריש,
מיר רייסען, מיר בייסען, מיר וויטהען נאָר טיגעריש,
מיר נייטען, מיר קנייטען, מיר טייטען נאָר קריעגעריש,
דיא שונאים, דיא שונאים, אזוי;
זייא פאלען, זייא פאלען וויא שטרוי! —

(אין דער גאנצער צייט שרייט דאס קאָהר „שטיל!“)

**בר־כוכבא.** חאַ, חאַ, חאַ, ס'איז א נארישקייט —



**קאָהר.** זעהט וויא ער מאַכט זיך גרויס!

**בר־כוכבא.** חאַ, חאַ, חאַ, ס'איז א נאַרישקייט —

**קאָהר.** זעהט וויא ער לאַכט זיך אויס!

**בר־כוכבא.** דער פיינד, דער איז געביינט צו דער ערד,
אונז האט ניט געשאַדט,
ווייל ד'יא אמונה איז אונזער שווערד,
און אונזער מאַכט איז גאָט! — — (ער לויפט ארויס)

**קאָהר.** פאַלען זאָל ער פון אונזער שווערד,
ער הערט ניט דיין געבאָט! (קאָהר לויפט איהם נאך)

---

# פערוואנדלונג.

---

## זיבעטע סצענע. זיבעטעס בילד.

(שטעלט פאָר דעם אַמפּהיטהעאַטער פון איינער אַרענע — פון ביידע זייטען ריגנס, זיטצען פרויען און דאַמען, אויך איין אָרקעסטער, איין רייהע איבער דער אנדערער — אין דער מיט אין דער הויך, זעהט מען א לאָזשע מיט א רויטען באַלדאַחין, אין דער לאָזשע זיטצט טורנוס רופוס מיט סעראַפּהינא. הינטער דער לאָזשע זעהט מען א צוגעשלאָסענעם אייזערנעם טויער — פון איין עק ביהנע צו דער אנדערער, איז איבערגעצויגען שטאַחעטען פון אייזערנע פיילען געמאַכט, פון ביידע זייטען שטעהן צווייא גלאַדיאַטאָרס — ווען דער פאָרהאנג געהט אויף, שפּיעלט פון אויבען דיא מיליטער־מוזיק, רופוס גיט א בעפעהל צו'ן א גלאַדיאַטאָר).

**רופוס.** פיהרט אריין דעם יודישען העלד בר־כוכבא! —

(גלאַדיאַטאָר געהט ארויס, און קומט באלד צוריק מיט בר־כוכבא'ן).

**קאָהר.** קוקט נאָר אָן, קוקט נאָר אָן!

**רופוס.** (צום צווייטען גלאַדיאַטאָר) לאָזט אריין דעם אפריקאנישען לעווען! —

(גלאַדיאַטאָר געהט ארויס, מען הערט קלינגען שווערע קייטען, און דיא ברילענדע שטימע פון א לעווע, ער שפּרינגט צו צו בר־כוכבא'ן).

**בר־כוכבא.** (טהוט א געשרייא צום לעווען) שטעה!

(דער לעווע בייגט זיך אויף דיא קניע — בר־כוכבא גלעט איהם ביים קאָפּ).

**קאָהר.** קוקט נאָר אָן, קוקט נאָר אָן!

**בר־כוכבא.** (שטאָלץ) אָה, איהר נאַראָנים! זעהט איהר אליין ניט,
אז פאַר אייך שטעהט א גבור! —
איז דאס א מיטעל מיך צו בעזיענען?
שוואַך זיינט איהר אלע מיך יעצט צו קריענען —
יא, שעהמט זיך דאָך און בייגט דיין שטאָלץ,
חאָטש אָהן געוועהר שטעה איך פאַר דיר,
און דאָך האב איך פאַר דיר קיין מורא, ניין! ניין! ניין! —

**קאָהר.** קוקט נאָר אָן, קוקט נאָר אָן!

**בר־כוכבא.** קום נאָר גבור אויף דעם שלאַכט־פעלד,
וועל איך דיר ווייזען, דאָרט וועסטו זעהען,
יא, וויא דיין העער וועט פאַלען אזוי וויא שטרוי! —

**רופוס.** (לאַכט מיט גדלות).

**קאָהר.** זעהט איין עזות נאָר!

**בר־כוכבא.** וועסט שפּעטער לאַכען, צו נאָט זיך גלייכען,
גרויס זיך מאַכען, אין אלע פאַכען;
אָבער וואס וועט זיין דאַן?
אזוי וויא איין מאַן,
מיר אלע שנעל,
וועלען זיך טהון א שטעל,
און מאַכען פון דיר א תל! —

(אין דעם מאָמענט חאַפּט זיך ארויף בר־כוכבא אויף דעם לעווען רייטענדיג זעטצט אויס דעם אייזערנעם טויער, וואס אונטער דער קאָזשע און לויפט ארויס, דער טויער דרעהט זיך אום, עס ערשיינט איין ענגעל מיט א פייערדיגען שווערד אין דער האַנד. — פאָרהאַנג פאַלט).

———



# דריטער אקט.

———

## ערשטע סצענע.

## אַכטעס בילד.

(שטעלט פאָר א פינסטער חדר, (איין ארט קעלער אָדער קערקער) אין דער מיט א ברייטע קאָלאָנע, אין דער טיעף קאָלאָנע זעהט מען א בעטעל שטעהן, נעבען דער קאָלאָנע שטעהט א שווערע האַנד־מיהל — דינה איינפאַך געקליידעט, שטעהט נעבען דעם, און וועהרענד דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זעהט מען וויא זיא האַלט דאס הענטעל פון דער זשאָרנע און דרעהט דיא מיהל. ענדליך הערט זיא אויף צו דרעהען און לאָזט אראָפּ דיא הענד מיט'ן קאָפּ זיפצענד, וויא איינע וואס איז שטאַרק פערמוטשעט פון דער ארבייט — געהט נעהנטער צו דער אוואַנס־סצענע צו, און זינגט שוואַך).

1.

**דינה.** זאָ לאַנג דיא זאַנג איז איננער,
און דער קאָרן — מאָגער, גרינגער,
זאָ לאַנד דיא זאַנג איז איננער
קוקט מען זיך ניט צו! —
אין פעלד קען זיא פערבלייבען,
דאס ראָד קען זיא ניט צו רייבען,

אין פעלד קען זיא פערבלייבען!
לאָזט מען נאָר איהם צו רוה.
ווערט נאָר דער קאָרן דיקער,
טהוט זיך דאס ראָד א קעהר!
ער ווערט צוריבען אויף שטיקער,
מען דערקענט איהם שוין ניט מעהר!

(זיא קוקט זיך ארום מיט מורא, לויפט צו צום מילכען, חאַפּט גיך דאס הענטעל און מאַהלט).

שלאָף ניט דוא ארבייטער, האַלט פעסט דאס שטיהלכען!
פלייסיג צו ארבייטען איז דאָך א שפּיעלכען;
דרעה זיך גוט, דרעה זיך גוט, רעדעלע מיהלכען!
צו רייב גוט דעם קאָרן — צו מהייל! —
נישטאָ שוין קיין זאַנגען — צוריבען איז דער קאָרן,
דיא ערשטע געשטאַלט האט ער שוין לאַנג פערלאָרען! —
אונטער דער ראָד איז ער צוריבען געוואָרען,
ער איז שוין גאר ווייס — און הייסט מעהל! —

(לאָזט ווידער אָפּ דאס ראָד, געהט צו צו דער אוואַנס־סצענע).

2.

זאַ לאַנג דער מענש איז מאָגער,
לעבט סאָליד, איז נים קיין יאָגער,
זאַ לאַנג דער מענש איז מאָגער,
לעבט ער זיך סייא ווייא;
דיא נויטה קען איהם נאר נים ליינען,
ווייל ער איז ווייך און לאָזט זיך ביינגען;

דיא נויטה קען איהם נאר נים ליינען,
לאָזט זיא איהם נאר צו רוה!
קוים ווערט ער איבער גליקליך...
טהוט איהם דאס ראָד א קעהר!
זיא צוברעכט איהם נאר אויף שטיקליך
מען דערקענט איהם שוין נים מעהר!...

(לויפט וויעדער צו דער זשארנע און מאָהלט).

שלאָף נים דוא ארבייטער.... א. ז. וו.

(לאָזט וויעדער אָפּ דאס ראָד).

3.

זאַ לאַנג דער יוד האט נים נעפלאַקערט,
שאָף געפּאַסעט, ערד געאַקערט,
זאַ לאַנג דער יוד האט נים געפלאַקערט
האט מען איהם געלאָזט צו רוה;
שטיל געלעבט, נים הויך געפלויגען,
נים אויפגעריסען יענעם דיא אויגען!...

שטיל געלעבט, נים הויך געפלויגען,
האט מען נים געזאָגט דערצו,
אז ער איז געוואָרען איבער גליקליך,
האט זיך דיא ראָד געטהון א קעהר,
צוריבען איז ער אויף שטיקליך!...
מען דערקענט איהם שוין נים מעהר.

שלאָף נים דוא ארבייטער.... א. ז. וו.

(וועהרענד זיא זינגט אָפּ, הערט זיא אויף צו דרעהען, רוהט זיך אָפּ איינציגע סעקונדען — א טיעפער זיפץ רייסט זיך ארויס פון איהר ברוסט. ענדליך זאגט זיא שוואך):

מיט שווערע ארבייט מיינען זייא מיך צו פערמוטשען,
מען רייסט אָן אלע בעדיענטע, מען זאָל מיר דערקוטשען,
גיב מיר, גאָט, כח, דאס אלסדינג קענען איבערטראָגען!
איך נעהם צו אלסדינג: מארטערן, קוועהלען, שראָגען,
שלאָג מיך פאר מיין פאָלק, נאָר איהם לאָז צו רוה!...
דיין שווערע האנד, דיין שטראָף נעהם שוין פון איהם צו! —
לאָז בר־כוכבא גליקען, וויא עס גליקט איהם ביז יעצט,
לאָז ער זיעגען, זיעגען דעם שונא ביז צו לעטצט! —
מיך קימערט נאָר איינס — פון מיין אלטען טאַטען....
איך האב מורא, מיין כאַנע זאָל איהם נים שאטען — —



ווער ווייסט, וואס ער טהוט דאָרט אין דער מינוט,
וואס ער זעהט זיין איינציגע טאָכטער נים (וויינט)

———

## צווייטע סצענע.

(עס עפענט זיך אויף א טהיר און עס לויפען אריין וועשער־מיידליך מיט האַנטיכער אין דיא הענד, און וויא זייא דערזעהען, אז זיא ארבייט ניט, לויפען זייא צו צו'ן איהר מיט כעס. דינה חאַפּט זיך אויף מיט שרעק און לויפט אָפּ פון זייא).

מיידליך. (זינגען) קוקט דיא לענטייקא,
ווייל רוהען דייקא,
אבי נים צו ארבייטען, וואס מען האט בעפוילען;
זיא האט פערגעסען,
זיא מיינט זיא איז פרינצעסין!
מיר וועלען איהר ווייזען וואס הייסט זיך פוילען;
קומט אלע שוועסטערליך, גיך חאַפּט זיא, יאָגט זיא,
דערטאַפּט זיא, שלאָגט זיא, (לויפען איהר נאָך)
נא! נא! נא! (שלאָגען זיא)

דינה. (מיט וועהמוטה) אוי! שלאָגט מיך נים, וועה! פלאָגט מיך נים;
ארבייט איך נים פלייסיג פון נאכט ביז פריה?
נייט מיך נים, טייט מיך נים!
אוי, ארבייטען וועל איך, נאָר לאָזט מיך צו רוה! —

מיידליך. קוקט דיא לענטייקא, א. ז. וו.

דינה. אוי! שלאָגט מיך נים, וועה! פלאָגט מיך נים,
האט איהר אויך דען נים אין זיך א מענשליך הערץ,
צאַפּט מיר נים אָפּ מיין בלוט,
אוי! א מעהר דער׳הרג׳עט מיך נאר גיך און קורץ! —

מיידליך. קוקט דיא לענטייקא, א. ז. וו.

דינה. ניין, קינדער, טהוט עס נים, איהר זייט אויך נאָר געבאָרענע ווייבער!
איהר קענט נים האבען דאס הערץ פון מערדער און רויבער...

איך ווייס גוט, אז איהר טהוט עס ניט מיט אייער אייגענעם ווילען,
איהר מוזט נאָר דעם קאַפּריז פון אייער בייזער ווירטהין ערפילען.
איז זיא דען צו'ן אייך בעסער וויא צו מיר?
איך ווייס, איהר האט א בעסער הארץ פון איהר,
איך ווייס, אז א טהייל פון אייך פיהלען מיינע שמערצען!
איך ווייס, אז א טהייל פון אייך ליעבען מיך אין הערצען —
מיר זיינען פון פערשיעדענע רעליגיאָנען, נאָר פון א י י ן טאַטען,
דאס קען אייך צו'ן אייער מענשליכקייט נאר ניט שאַטען!....
א כ ט ו נ ג נעבען אויף מיר, ד א ר ו י ף האט מען אייך בעדונגען,
דאַרפט איהר הערען מיין וויינען, הערט בעסער מיין זינגען,
עס וועט אייך פערגעניגען מאכען, און מיר קיינע ליידען,
דיא זעלבע צייט קענען מיר ליעבער צוברייננגען אין פריידען. —

א מ י י ד ע ל. מוזט אונז פערצייהען דיא קלוגע טאָכטער פון יודען!
עס איז וואהר, מיר זיינען אליין פון אונזער שליחות ניט צופריעדען.
מיר וועלען דיך צו רוה לאָזען, דיך מעהר ניט צווינגען,
אונטערהאלט אונז, ליעבעס קינד, מיט דיין יודיש זינגען!

ד י נ ה. איהר וועט מיר געוויס אקאָמפּאַנירען צו מיין טאָן —
איך זינג אייך פאַר דיא פאַבעל פון דער יודישער נאַציאָן!
(זיא נעהמט איין האַרפע, שפּיעלט זיך צו און וויינט):

1.

א פּאַסטוכ'ל איז געוועזן אמאל
אין דעם לאַנד כנען! —
מיט שאָף און רינדער נאָר אָהן א צאָהל
פלעגט זיין האנדעל זיין! —
און אז ער איז רייך געוואָרען,
האט ער געהאנדעלט קאָרן,
און האט זיין געלד פערלאָרען,
ס'איז איהם גענאַנגען שלעכט;
אבי ניט ברויט צו בעטען,
פלעגט ער ציגעל קנעטען,
געמויערט הייזער און קלייטען,
געאַרביט פאַר א קנעכט! —

מ י י ד ל י ך. יא, אוי ס'איז שעהן,
יא, מלא חן,
דערצעהל און הער ניט אויף —
אוי ס'איז זיס!
יא, נאר ניט מיאוס,
דערצעהל אונז ביז אין סוף! —



2.

ר' משה נעהט דורך אומגעריכט
און האט איהם באַלד דערקענט!
"יענקעלע" "דאס ביסטו? א קנעכט"
ברעכט ער מיט דיא הענד!
האבען אזא טאַטען,
דער רייכסטער פון מאַגנאַטען,
און זיין אזוי פון ווייטען,
זאָלסט נאר קנעטען ליים? —
דיין טאַטענס לענדער פליעסען,
פון מילך — האָניג זיסען,
און דוא זאָלסט ניט געניסען?
אָה, קום צו'ן איהם אהיים! —
מ י י ד ל י ך. יא, אוי ס'איז שעהן... א. ז. וו.

3.

א סימן, אז דוא מעגסט גלויבען מיר:
דיא 10 ווערטער לייען!
וואס דיין טאַטע שרייבט צו דיר
מיט זיין האנד אליין!...
דיא ווערטער זאָלסטו גלויבען,
אין הארצען זייא פארקלייבען,
כדי זאָלסט קענען לעבען,
אין דער גרויסער וועלט! —
און מיט א פייערדיגען וואָגען,
איבער וויסטע ימים געיאָגען,
האט ער איהם געבראכט צוטראָגען,
אין זיין טאַטענס געצעלט! —
מ י י ד ל י ך. יא, אוי ס'איז שעהן... א. ז. וו.

4.

אז א פּאַסטוכעל א יאָלד,
הויבט אָהן צו געהן ניט שלעכט,
האט ער זיך פערגעסען באַלד,
אז ער איז געוועזן א קנעכט:
כהנים קוילען לעמער,
ווין גיסט מען מיט עמער,
און לוים מיט כלי זמר,
טאַנצען ארום איהם;
רייך איז מען — א מלך!
לעבען לעבט מען — פרעהליך!
האט ער פאַרגעסען פּאמעליך,
זיין טאַטען אלהים! —
מ י י ד ל י ך. יא, אוי ס'איז שעהן... א. ז. וו.

5.

א דאָ האט זיך זיין טאַטע שטארק
צו היטצט,
פון כעס צו האַסט דיא ווענט! —
איהם פון זיין שטאָט ארויס געשמיצט,
און זיין חוה פערברענט! —
א י ה ם ארויס געטריבען,
פ ר ע מ ד ע זיינען פערבליבען,
און האט זייא פאַרגעשריבען,

איהם פערפאָלגען נאר אָהן צאָהל— דערפאר זעהט מען איהם היינט יאָגען,

צו זיין טאטען וויינען און קלאָגען, ער זאָל איהם שוין מעהר ניט שלאָגען, איהם שיינקען נאך היינטיגס מאל! —

**מ י י ד ל י ך.** יא, אוי ס'איז שעהן... א. ז. וו.

**א מ י י ד ע ל.** מיר דאנקען דיר ליעבעס קינד, מיר וועלען דיך מעהר ניט בעמיהען, ביסט נעבעך זעהר מיעד, מעגסט דיך לייגען אָפּרוהען.

(געהען אלע אוועק רעכטס. ד י נ ה קוקט זייא נאך ביז זייא געהען אָב.)

**ד י נ ה.** מיעד בין איך ווירקליך, מיעד און פערשמאכט,
איך רוה שוין ניט אזוי דיא דריטע נאכט —
ווער וועט זאָגען דיא בשורה, ווען וועט קומען דיא ישועה ?"
אוי ! פון מיין פאטער האב איך נאר קיין ידיעה .. (פויזע)
נאָט ! וואס האסטו איהם נעבעך צו שטראָפען ? (פויזע)
צו דענקען בין איך מיעד, מיך דולט דאס שלאָפען..
דער שלאָף וועט מיך אביסעל קרעפטיגען — בעלעבען,
צום דענקען בעסער, מיר פרישע כוחות געבען.

(זעטצט זיך אויפ'ן בעטעל, זינגט גאנץ טרויעריג).

דוא זיסער מלאך פונ'ם שלאָף,
וויעג מיך מיט דיין ליעדעלע איין!
פערגעסען זאָל איך אן דער שטראָף,
פערגעסען — אין מיין נויטה און פיין;
מיט דיינע פליענעלעך טרייב אוועק,
מיינע צרות און שרעק —

אדני לי!
מיט מיר ביסטו;
שענק מיר דיין רוח!
מיין נשמה נעהם צו,
ביז אין דער פריה!
נאָר דירזאי טרויע קיא! —



דוא גרויסער ווערטער דאָרט אין הימעל!
דיין טרייא אויג איז דאָך שטענדיג וואך,
ווען איך שלאָף, און ווען איך דרימעל;
היט מיך מיט דיינע קינדער גלייך!
מיין נשמה איז דאָך פון דיר,
איבער נאכט נעהם זיא בייא מיר!....

אדני לי!
מיט מיר ביסטו;
שענק מיר דיין רוח!
מיין נשמה נעהם צו,
ביז אין דער פריה!
נאָר דיר טרויע איך זיא! —

(זיא לייגט זיך אויפ'ן בעטעל און זינגט אלע מאל שטילער, ביז זיא ענדיגט דאס געזאנג— זיא ווערט אנטשלאָפען, מוזיק שפיעלט פאָרווערטס גאנץ פיאַנא).

———

## דריטע סצענע.

(פון אונטער דער קוליסע הערט זיך פ א פ ו ס'ס קול וויא ער זינגט).

**פ א פ ו ס.** וואס ווינשטטו מיין הערץ נאך מעהר?
וואס ביסטו אזוי בעטריעבט?
ליעבען, ליעבסטו דאָך זעהר,
נאָר — דוא ווערסט ניט געליעבט!
מיין וועהטאג קען נאָר ד ע ר פערשטעהן,
וואס איהם איז אויך אזוינס געשעהען,
וואס איז אויך אזוי בעטריעבט,
און ווערט אויך ניט געליעבט. —

(קומט אריין פון דעם טהיר'ל רעכטס, קוקט זיך ארום און אז ער זעהט, אז עס איז קיינער ניט דאָ, זאָגט ער):

**פ א פ ו ס.** איך האב איבער געקויפט דיא וואָך דאָ,
אצינד, דאכט מיר וועט שוין זיין אין א גוטער שעה!
רופוס מיט דיא העלדען טרינקען וויא דיא רוחות,
צו מיך האט ער געשיקט אין דעם טהייערן שליחות:

איך זאָל נעהען פון זיינעטוועגען, איבערררעדען מיט איהר...
א מכה, רויטער שכור, איך בין בילכער פון דיר! —

(ער געהט צו צום בעטעל און דערזעהט זיא שלאָפענדיג.)

זיא שלאָפט? — גוט! — ווען נאך קען איך בענוטצען אזא צייט
איך זאָל מיך אָנקוקען, אָנקוקען אין איהר אזוי זאט! — —
וויא דיא דריבנע חוואלעס פארטאָג אויף דעם רוהיגען ים,
בייא א שטיל ווינטעלע הוידען זייא זיך קוים, קוים,
נענען דעם רויטליכען הימעל, איידער דיא זונן געהט אויף;
אזוי בעוועגט זיך איהר ברוסט אראָפ און ארויף.
נענען איהרע רויטע בעקעלעך — און נעה האלט עס אוים! —
אין שלאָף זעהט זיך איהר שעהנקייט נאך צעהן מאל מעהר ארויס..
סום אהער, פריהלינג! מיט דיינע רויזען דיא רייגע!
טונק זייא איין אין דער פארב פון איהר מיילעכען דאס שעהנע,
וועלען דיינע בלומען נאך פיעל מעהר שמעקען און בליהען!...
יא, און דוא פאפוס, האסט אויך יעצט צייט דאס איינענע צו טהון;
חאָטש איין מאל איינאטהמען אין זיך איהר זיסען הויך — ...
ניין — אויסהאלטען, איז ניט פאר מיין כח!

(ער בייגט זיך איין און וויל איהר א קוש טהון. זיא פאנגט אָן צו טרוימען און זינגט פונ׳ם שלאָף: „אדוני לי...״)

חא, זיא זינגט? פונ׳ם שלאָף — אוי זיס! — גוט — ווער חלום׳ט זיך איהר!
פון וועמען רעדט זיא? מן הסתם פון בר־כוכבא׳ן, אודאי ניט פון מיר —
נו? און אז ניט פון מיר? — אָבער איך!... אָ, דער מאָמענט!
אָ, דער הייסער פלאם דער ליעבע, ער פלאקערט, ער ברענט!...
וואס־זשע בין איך שולדיג, אז איך קען אזוי שטארק ליעבען און פיהלען?
(ענטשלאָסען) וואס ס׳וועט זיין, וועט זיין, איך מוז מיך יעצט קיהלען...

(ער געהט צו און וויל איהר געבען א קוש — זיא חאפט זיך אויף און קוקט זיך אום פערשלאָפען, און וויא יא דערזעהט איהם בלייבט זיא עפעס וויא דערשראָקען — פ א פ ו ס מאַכט זיך וויא ניט וויסענדיג, און זאָגט):

א גוטען אבענד דיר, דינה, האסט דיך ניט צו שרעקען! —
זייא מיר מוחל, וואס איך בין געקומען יעצט דיך וועקען;
דיין אַלטער טאַטע האט מיך געשיקט צו דיר אצינד,
צו פרעגען וואס טהוסטו? וואס מאַכט דיין געזונד? —



ד י נ ה. איך דאנק דיר פאפוס, האסט מיך מחיה געווען!
וואס מאַכט דער פאטער, ווען האסטו איהם געזעהען?
פ א פ ו ס. א יא, פאפוס קען אמאל אויך זיין מחיה! —
און דוקא דיא נמאס׳ע, מבוזה ווילדע חיה!...
(שטראָפענד) אָ, דינה! ליעגט עס ניט אויף דיינע געוויסען?
פלעגסטו חאָטש פיהלען, פלעגסטו חאָטש וויסען,
וויפיעל דוא האסט מיר פערצאפט בלוט מיט דיין זידלערייא? —
וואָלסט בעדארפט צאָהלען שטראָף, נאָר איך פערצייה!
יעצט זעה מיין געטריישאפט, און זידעל מיך דערפאר:
זאָלסט וויסען, אז דוא ביסט יעצט אין א געפאהר!...
מען וויל דיך אומברייננען, האב איך געהאט א ידיעה,
ראטעווען קען איך דיך, א י ך בין דיין מלאך מושיע! —
ד י נ ה. (מיט פעראַכטונג) א מלאך מושיע? א ליעגען זאגען, האסטו יעצט געוואָלט,
גאָט שיקט ניט זיין גוטען מלאך אין א ז א געשטאַלט — ...
איך וויים, אויב איך האב ניט קיין טעות,
ביסטו גיכער עהנליך אויף דעם מלאך המות!!...
פ א פ ו ס. (מיט הכנעה) איך בין דיר מוחל, ווייל דוא רעדסט וויא א קינד,
און פערשטעהסט ניט דיין געפעהרליכע לאגע אצינד —
אמת — דיין חתן האט פיעל פעסטונגען איינגענומען;
נאָר ד י ר וועט דערפון ווענינ ארויס קומען;
ווייל דיין לעבען, זאָג איך, הענגט יעצט אויף א האאר,
פון דאנען מעהר קומסטו שוין ניט ארויס, ביסט אין געפאהר!
נאָר א י ך האב מיך בעשלאָסען צו אָפפערן פאר דיר,
איך וועל דיך בעפרייען, קום — ענטלויף יעצט מיט מיר! —
איך האב אלע וועכטער שוין לאנג איבער געקויפט,
זייא זאָלען שווייגען, אז זייא וועלען זעהען, אז מען ענטלויפט...
קום, דינה טהייערע! דארף איך דיך נאך בעטען?
דיין אייגען לעבען צו רעטען, דארף מען דיך נאך נייטען?
ד י נ ה. (מיט א בעזען שמייכעל) וויא איך הער, הייסט עס בייא דיר אז איך וועל לעבען,
אויב איך וועל דיר יעצט דיין ווילען נאכגעבען;
אויב, וויא דוא זאָגסט, אז איך בין דאָ יא אין אזא נויט?
בין איך צופריעדענער צו שטארבען דאָ מיט ד ע ם טויט,

ווייל יענער טוים, צו לויפען מיט דיר אהיים,
אָ, איז מיר נאָך פיעל שרעקליכער פון דעם!
אין דעם וועל איך וויסען, אז דוא האסט מיך גערן:
אז דוא וועסט מיך לאָזען דאָ בעסער דער׳הרג׳ט ווערען!...

**פאפוס.** (מיט וועהמוטה) דינה! —

**דינה.** (שטאָלץ) נעה!...

**פאפוס.** האב רחמנות אויף דיר!

**דינה.** וואס פאַר א רעכט האסטו זיך צו דערבארעמען איבער מיר!
אויב דוא ווילסט מיך בעפרייען פונ׳ם מלאך המות געשווינד,
נעה דוא דיר נאָר אוועק, בין איך שוין בעפרייט אצינד!

(קעהרט אָב דאס געזיכט פון איהם, גלייך וויא זיא וויל זיין פנים ניט זעהען — **פאפוס** שטעהט אייניגע סעקונדען, און בעטראַכט זיא. אויף זיין פנים בעווייזט זיך אלע מאל מעהר האַסס. ענדליך זאגט ער צו׳ן איהר מיט ערגערניס און כעס):

**פאפוס.** אָ, דינה! אָ, דוא מערדעריו אויף זיך אליין,
יא, ביסט גערעכט, מיך וועסטו שוין מעהר ניט זעהן!
אָבער ניט מיך, און ניט דיין חתן, ניט דיין טאַטען, ניט דיא וועלט,
אָ, דינה! נענוג מכות אכזריות האב איך פאַר דיר בעשטעלט!
(צענעהענד) אוי דיא נקמה, איז מיין נשמה, מיין לעבען, מיין נחמה!
(לויפט אַרויס בעז רעכטס).

**דינה.** אזוי טהוט גאָט, אז ער וויל א מענשען שטראָפען;
נאָר אָנשיקען אזא מכאָך, ווען מען וויל שלאָפען —
(זעטצט זיך אויפ׳ן בעטעל נאכדענקענד).
איך וועל שוין ניט זעהען קיינעם? — איך וועל ניט לעבען?...
נו? אז ער זאָגט, זיינע רייד מעג מען גלויבען — (פויזע)
מיין בר־כוכבא זיענט? — דאס איז א ידועה!
נו, וואס דארף איך דען פאַר מיר נאָך א בעסערע ישועה?
מיין קאָפּ ווילען זייא נעהמען? — ס׳איז ווערט דער שכר!
מיין שמעון וועט ביים שונא נעהמען צעהן טויזענד דערפאַר.
(הייבט זיך אויף פון דעם בעטעל און זינגט).

1.

פון דער תפיסה דאָ, פון דיא פינסטערע וועגד,
שיק איך, בר־כוכבא, מיין ברכה דיר צו! —



מיער זאָלען ניט זיין דיין טאַפּפערע הענד,
ביז דוא וועסט ניט זיענען, גיב דיר קיין רוה! —
איך הער שוין וויא... יא, וויא דיין חיל זיענגט! —
און זעה שוין וויא... יא, וויא דער שונא ליענט! —
ווער איז ער, ווער? — יא, דיא רוימער,
שטילער, שטילער... (זיא קוקט זיך אַרוים)
גאָטוניו! גאָטוניו! בעוויז דיין נס! (פויזע)

2.

עס קען מענגליך זיין אז ס׳וועט דאָ זיין מיין סוף,
א דאס צימער דאָ, וועט מיין קבר אויך זיין...
דאָך מיינע זעעלע, וועט פליהען ארויף,
עס, עס הויך, גלייך אין הימעל אריין!...
און הערען פון דאָרט, יא, וויא דיין חיל זיענגט! —
און זעהן פון דאָרט, יא, וויא דער שונא ליענט! —
ווער איז ער, ווער? — יא, דיא רוימער.
שטילער, שטילער... (זיא קוקט זיך אַרוים)
גאָטוניו! גאָטוניו! בעוויז דיין נס! (פויזע)
(לייגט זיך אויפ׳ן בעטעל).
אָ, איך בין שרעקליך מיעד, אָ, חאָטש איין דרימעל,
היט אָפּ מיין נשמה, גרויסער גאָט אין הימעל!
(וויל אנטשלאָפען ווערען).

———

## פיערטע סצענע.

(**רופוס** קומט אריין דורך דעם טהירל רעכטס, שיכור׳לעך, ער בלייבט שטעהן ביים דער טהיר און רעדט צו זיך):

**רופוס.** (פערשיכור׳ט) איך וויים צו האט ער איהר געזאָגט אצינד? —
(ער געהט צו צום בעטעל — **דינה** חאַפּט זיך אויף מיט שרעק).
הא! וואס מאַכסטו מיין יודישקע? איך ליעב א יודיש קינד;
היינט ליעב איך נאָר יודיש; יודיש נעלה, יודיש לאנה, יודיש בלום!
ווער שטועסט א יודישע טאָכטער,

(ער וויל זיא אָננעהמען, זיא גיט איהם א וואַרף פון זיך) —

נו, נו, וואַרף דיך ניט! —

אַ, מיין זיסער אמאָר! דיין וואָרט גיב מיר נאָר — גיב!

איך האב דיך ליעב! — זאָג! — האסטו מיך אויך ליעב?

**דינה.** פאָרדער ליעבע פון דיין פרוי, דאס האט א זינן;

אָבער וואס ווילסטו פון אזא אָרים מיידיל וויא איך בין?

**רופוס.** אָרים ביסטו? ביסט רייך מיינע קלוגע „יאָנאָהא!"

וואס דוא ווילסט, זאָג ארויס, האסטו בייא מיר א מתנה;

מיין שעהנע „ווענוס", איך שענק דיר מיינע גימער,

גליקליך מאך איך דיך, איך שווער דיר ביים „יופיטער!"

**דינה.** נעה מיט דיינע געטצען, וואס זיינען פון האָלץ,

איין גאָט האב איך — אויף איהם בין איך שטאָלץ! —

איך שפייא אויף דיין ליעבע, אויף דיין רייכקייט אָהן צאָהל,

איך האב ליעב מיין גאָט, מיין פאָלק ישראל! —

**רופוס.** אזוי? האסטו, הייסט עס ליעב דיין גאָט און דיין פאָלק בעסער פון מיר?

דוא עזות'ניצע, דוא ווייסט ווער עס רעדט מיט דיר?

**דינה.** א מענש רעדט מיט מיר, ניט מיין שעפּפער, מיין בורא!...

גאָט איז מיט מיר! — פאַר וועמען האב איך מורא?

**רופוס.** האסט ניט מורא? ווייסט אז דוא ביסט בייא מיר אין דיא הענד?

איך קען דיך טייטען אין דעם מאָמענט! —

**דינה.** מיין פלייש שניידען קענסטו, אָבער ניט מיין נשמה!...

איהר קענסטו גאָר ניט טהון, בייא גאָט איז איהר נחמה!

**רופוס.** הערסטו אזא כלב'טע—סאָלדאטען! נעהמט זיא, צוהאַקט זיא אויף שטיקער

**דינה.** (נאכקלעהרענד פאַר זיך) מען מוז אנדערש שפּיעלען דיא ראָלע מיט אזא שיכור!

(צו רופוס'ן מיט א פאַלשען שמייכעל):

הע, אזוי ליעב האט איהר מיך, אז איהר הייסט מיך גאָר צו שניידען?

נו, און איהר אליין, וויא איהר זאָגט, זאָלט אייער געטין גאָר שאַדען?

אייער שיינער יודישקע זאָלט איהר דאס טהון?

(נעהמט אַראָפּ פון איהם דעם העלם און טהוט זיך אָן).

א נו? קוקט יעצט אָן א פנים! הא? פּאַסט עס? שטעהט עס מיר אָן?

(רופוס קוקט זיא ליעבליך אָן און שמייכעלט).



יעצט טהוט מיר אליין אָן אייער פּאַנצער! — (ער טהוט עס)

יעצט בין איך שוין גאָר א העלד א גאַנצער.

נו? און דער גירטעל מיט דעם שווערד, איז ניט געמאָסטען אויף מיר?

(נעהמט אַראָפּ פון איהם דעם גירטעל מיט דער שווערד און טהוט זיך עס אָן).

יעצט מעגט איהר מיך מאַכען פאַר אייער קאָמאַנדיר!

**רופוס.** (מיט א פערשיכור'טען שמייכעל) וואס קאָמאַנדיר? ביסט יעצט מיין

מאַרס, מיין צעזאַר;

בעפעהל איבער מיר נעטין! טהו זיך אפילו א בייזער!

(ער פאַלט פאַר איהר אויף דיא קניע, און וויל זיא אַרום נעהמען, זיא חאַפּט אַרויס דיא דיא שווערד, הייבט זיא אויף איבער זיין קאָפּ).

**דינה.** (מיט א געשרייא) שטעה! יעצט דיין קאָפּ! ס'איז ניט קיין נעלעכטער!

דוא האסט פערגעסען דעם מוטה פון דיא יודישע טעכטער?

ווער האט אין סיסראָ'ס שייטעל אריין געשלאָגען א נ'אָהל,

ווען ניט א יודישע טאָכטער דיא שוואַכע יעל?....

און אָלאָפערנוסעס קאָפּ, אָט דעם גרויסען ריעז:

האט יהודית דעם קאָפּ אָפּגעהאַקט, געשטעקט אויף א שפּיז! —

(רופוס חאַפּט זיא בייא דער האַנד, וועלכע האַלט דעם שווערט).

**רופוס.** (וויא עטוואס אויסגעניכטערט) שטעה דינה! דוא וואַגסט אצינד צו פּיעל:

פערשטעהסטו דען ניט א שפּאַס אָדער א שפּיעל?

מיר האט מען פראָפעצייהט און איך מעג עס גלויבען:

אז א פרוי וועט מיר אמאל נעהמען דאס לעבען;

דערפאַר האט זיך דערשראָקען אזא העלד וויא איך;

נאָר ניט אויף דיר גלויב איך, דוא זאָלסט זיין דער שליח,

לאָמיר זיך ביידע פערצייהען! — מיט דעם שריט צו לעצט,

ביסטו בייא מיר נאָך מעהר געאַכטעט און געשעצט! —

---

## פינפטע סצענע.

---

(דאס טהירל עפענט זיך אויף, מען זעהט שטעהן פּאַפּוס'ן מיט סעראַפהינא. פּאַפּוס ווייזט איהר אָן אויף דער סצענע, וויא רופוס שטעהט פאַר דינה אויף דיא קניע. אליין ווערט ער פאַלד פערשוואונדען. סעראַפהינא געהט שטיל אריין, אזוי אַז רופוס בעמערקט זיא ניט. זיא געהט צו צו'ן איהם און לייגט איהם ארויף דיא האַנד אויף דער פלייצע, רופוס קוקט זיך אום און הייבט זיך געשווינד אויף, און בלייבט שטעהן, גלייך וויא ער זוכט עטוואס— סעראַפהינא קוקט אויף איהם בייז).

**סעראפהינא.** (צו רופוס'ן) שעהן! גרויסער רוימישער העלד, שעהן, שעהן!
דעם לארבערקראנץ בעקומסטו יעצט פו מיר אליין!....
פאר א פראסט יודיש מיידיל קניען? — א דאס מאכט דיר עהרע!
אויף א זויגעם געטרויעט מען א לאנד? חלעבען איין עבירה!
(איראניש) דער צעזאר וואלט דיך נאך געמעגט מאכען פאר זיין פערטרעטע
(פייז) אהיים ניך! מיט דיר וועל איך מיך שוין אפרעכנען שפעטער! —

(ער קוקט מיט קוריעזע בליקען אויף איהר און געהט ארויס)

(צו דינה) נו? און דוא? מיין יודיש, פרום, פיין, עהרליך קינד!
א! א העלד! — דאפעלט שעהן ביסטו אצינד!
א מאן פון א פרוי, וויא עס שיינט, געפעלט דיר שעהנער?
האסט זוענ יג, דוא ניעדריגע דיינע יודישע מענער?

**דינה.** (שטאלץ) נאר נים בעליידיגען, דאס ערלויב איך נישט דיר!
מעהר פון מיין לעבען איז מיין עהרע טהייער בייא מיר! —
איך בין אויך א צעזארין בייא מיר, ווייסטו שוין?
„ארדענטליכקייט" און „אונשולד" — דאס איז מיין קרוין! —
דוא ווייסט, אז ניט מיט מיין ווילען בין איך אהער געגאנגען!
מיט אונרעכט האט מיך דיין מאן גענומען געפאנגען —
ניט מיט א קריעגערישען צוועק, ליידער, וויא א הערשער דארף זיין;
וויא איך זעה, האט ער געהאט מיט מיר איין אונמענשליכען פלאן...
שוין דרייא טאג אז מיט זיין דאקוטשען גיט ער מיר קיין רוה,
באלד שרייט ער אויף מיר און שרעקט מיך, באלד זאגט ער מיר דאס בעסטע צו
נאך איין מינוט, וואלטען אלע רוימישע מענער געהאט א לעהרע,
וויא טהייער ציון'ס טאכטער קויפט אויס איהר עהרע!...
מיט זיין איינענער שווערד וואס ער אליין האט זיא מיר געגעבען,
וואלט ער געווען בעצאהלט מיט זיין לעבען. —

**סעראפהינא.** א, א! וויא וואויל דוא קענסט דיך נאך אויסטענה'ן;
נאר ניט פאר מיר עזות'ניצע, וועסטו זיך אויספיינען! —
איך פערשטעה מיך גוט אויף גנבה'שע תירוצים צוזינגע,
וואו עס טויג האט מען ליעב, און וואו עס טויג איינ זיין א שונא!
איך וועל דיר ווייזען וויא בייא מיר איז שטוב.
האט מען זיך מיט פרעמדע מאנען נאר ליעב!



**דינה.** טייט מיך בעסער, דוא אונפערשעהמטע! ס'איז מיר אלעס איינס!
נאר מעהר זאל איך ניט הערען פון דיר קיין ווארט קיין געמיינס!

**סעראפהינא.** (בייז) ווארט, איך וועל דיר ווייזען ווער איך בין און ווער דוא.

(לויפט ארויס דורך דעם טהירל רעכטס).

---

## זעקסטע סצענע.

---

(רופוס קומט אן דורך'ן טהירל לינקס).

**רופוס.** (ערנסט אק בייז) בר־כוכבא האט ארום גערינגעלט אונזער פעסטונג מיט
א שרעקליכער מאכט,
און מיר האט מען נאך ביז יעצט קיין הילפס טרופען צוגעבראכט;
דינה! אויב דוא ווילסט ראטעווען דיין לעבען און אויך פון דיא אידען,
זאלסטו בעטען דיין חתן ער זאל יעצט שליעסען פריעדען,
און ווען ער וועט אפטרעטען פון דאנען מיט גוטען ווילען,
וועל איך אלע זיינע פארדערונגען, וואס ער וועט שטעלען, ערפילען.

**ינה.** ווייסטו דען נים פון לאנג וואס מיר באגערען?
פון דעם רוימישען יאך אויף אייביג פטור ווערען —
קיין פוס פון קיין רוימער זאל זיך אין אונזער לאנד נים געפינען,
מיר זאלען קענען וויא שטענדיג אונזער ליעבען גאט פרייא דיענען! —

**ופוס.** ווידער ווילסטו דיר דאס נארישקייט איינבילדען? —
איך ווידערהאל: דוא זאלסט זעהן איינגעהמען דעם טיענער דעם ווילדען,
און קוים זעה איך איהם נים פון דאנען אוועק געצויגען,
ווערסטו צושנימען אויף שטיקער פאר אלע אין דיא אויגען. —

**ינה.** (קאלטבליטיג) שעהן! — דערנאך געהסטו אין דער רייהע, דערנאך דיין מיליטער
א, עס איז ווערט דאס אפפער, ניין, איך ווינש נים מעהר!

**ופוס.** (בייז) ניך הייס איך דיך נעהמען, דוא יודיש פערשאלטען ווייזען,
דיך הייסען ארויף שטעלען אויף דער מויער דער דיקער;
וועסטו אפבעטען און איינגעהמען דיין טינער דעם בעזען,
חען נים — וועט מען דיך פאר אלע צושניידען אויף שטיקער! —

# זיבעטע סצענע.

(ער האָפּט זוך ארויס רעכטס, פון לינקס קומט אַן סעראפהינא — זיא שטעלט זיך שטאָלץ קעגען דינה'ן — מאַכט צוּן איהר מיט דער האַנד, גלייך וויא זיא סטראַשעט זיא. זינגט א דועט מיט סעראפהינא).

ס ע ר א פ ה י נ א. וואַרט איך וועל דיר!....

ד י נ ה. וואס ועסטו מיר?

ס ע ר א פ ה י נ א. וואס האסטו געוואָלט אונפערשעהמטע, יעצט האבען פון מיין מאַן?

ד י נ ה. איך בעט דיך מיט נומען לאָז רוהיג זיין!

ס ע ר א פ ה י נ א. שווייג דיא מינוט.

ד י נ ה. וואס? — מענה'ן אויך ניט?

ס ע ר א פ ה י נ א. האלט האָטש צו פאר מיר דיין פיסק, דיין מויל,

ד י נ ה. ניין! פאַרוועהרען קענסטו — ניט — ניין —

ס ע ר א פ ה י נ א. איך פרעג דיך נור וויא קומט עס צו דיר? אונשולדינע, יא, זאָג פון וואנען,

ד י נ ה. אוי רעדסט פאלש, דאס קען נאר ניט זיין!

ס ע ר א פ ה י נ א. זאָלסט אזוי יודישקע איינלאָקען, צו שמייכלען נור פרעמדע מאנען.

ד י נ ה. איך דארף ניט קיין מענער, בפרט דיין מאַן! —

ס ע ר א פ ה י נ א. שווייג זאָג איך דיר,

ד י נ ה. וואס האסטו צו מיר?

ס ע ר א פ ה י נ א. פאָלגסט מיך ניט, ועסטו האבען, וואַרט ועסט זעהען,

ד י נ ה. איך הער דיך ניט, הער דיך ניט... ניין!

ס ע ר א פ ה י נ א. איך זאָג דיר שווייג,
ד י נ ה. שווייג דוא אליין, שווייג! } ביסס

ס ע ר א פ ה י נ א. אוי אוי, אוי אוי, ס'וועט זיין מיאוס!
ד י נ ה. אוי, טרעט מיך ניט מיט דיא פיס. } ביסס

ס ע ר א פ ה י נ א. . . . . . . שווייג!

ד י נ ה . . . . . . ניין.

ד י נ ה. ליעבע פרוי, איך בעט דיך מיט נומען;
אויב דיין עהרע איז טהייער בייא דיר,
זאָלסטו זעהען יעצט דיין כבוד אָפּהיטען,
און לאָז דיך אָפּ פון מיר! יא!



ס ע ר א פ ה י נ א. איך זאג דיר שווייג!

ד י נ ה. שווייג דוא אליין!

ס ע ר א פ ה י נ א. אוי, אוי, אוי, אוי ס'וועט זיין מיאוס!

ד י נ ה. אוי, טרעט מיך ניט מיט דיא פיס!

ס ע ר א פ ה י נ א. . . . . . שווייג!

ד י נ ה. . . . . . ניין! —

(סעראפהינא געהט צו צו דער טהיר לינקס און עפענט זיא אויף).

ס ע ר א פ ה י נ א. הע, איהר סאָלדאטען, קומט שנעלער אהער אריין!

(סאָלדאטען קומען אריין, שטעלען זיך בייא דער טהיר. ס ע ר א פ י נ א שטעלט זיך ווידער שטאָלץ געגען דינה'ן).

ס ע ר א פ ה י נ א. נו ועסטו נאך שטאָלצירען?

נו בעוויז יעצט פאר מיר דיין מוטה אצינד!
איך לאָז דיך ארעטירען!
טאקע באלד, טאקע באלד, גיך און געשווינד! —

ד י נ ה (צוזאמען מיט סעראפהינא'ן).

יא, איך וועל שטאָלצירען,
דאָך האב איך ניט פאר דיר מורא אצינד!
מעגסט מיך דאָ ארעטירען,
טאקע באלד, טאקע באלד, גיך און געשווינד.

ס ע ר א פ ה י נ א. חא, חא, חא! אָ, ס'איז שעהן!

ד י נ ה. . . . א יא ס'איז שעהן! —

ס ע ר א פ ה י נ א. שווייג האָטש דוא נאריש קינד, מיר וועזט עס פון דיר נאריש אויכ,

ד י נ ה. איך וויים? דיר וועזט עס פון מיר נאריש אוים!

ס ע ר א פ ה י נ א. וואס דוא מאכסט דיך פאר מיר אצינד אזוי גרוים?

ד י נ ה. איך מאך מיך פאר דיר אזוי... גרוים —

ס ע ר א פ ה י נ א. גרוים? מיר וועלען זעהן!

ד י נ ה. אָ! מיר וועלען זעהן! —

ס ע ר א פ ה י נ א. דוא וועסט ניט בעשטעהען! —

ד י נ ה. יא, יא, בעשטעהען! —

ס ע ר א פ ה י נ א. הע!

ד י נ ה. מעגסט דיר וואס דוא ווילסט נור מאכען (ביסס)

סעראפהינא. הע! ניך נעהמט זיא!
דינה. מיט פערגעניגען! — (ביסס)
סעראפהינא. געה, צום לעצטען מאל, מיין ליעבע, נעה!
דינה. איך נעה צום לעצטען מאל, מיין ליעבע, איך נעת!
ביידע. אדיע! —
(סאָלדאַטען פיהרען אוועק דינה'ן לינקס, סעראפהינא בעגלייט איהר, נאכצייגענדיג מיט דער האנד).

# פערוואנדלונג.

## ערשטע סצענע. ניינטעס בילד.

(שטעלט פאָר דיא פעסטונג צעזארעא. בעלאַגערט פון בר־כוכבא'ס מיליטער — רינגס ארום דער לאַגער־פעלד היטען, בר־כוכבא מיט עזריה'ן, זיין גענעראַל, שטעהען בעטראכטען דאס לאַגער וויא דאס מיליטער דאַרף אָנקומען, מען הערט פויקען און טראָמפעטען־שאלל. דאס מיליטער מאַרשירט אריין אויף דער ביהנע).

מיליטער. (זינגענד) אזוי — אזוי אין דיא הענד האלט
שפיעזען, שווערדען — אין דעם הערצען האלט נאָט!
בר־כוכבא. שעה!
מיליטער. האָח!
בר־כוכבא. (פאַרהערט זייא מושטירען).
מיר העלדען, מיר זיינען נאָר ניט מרה שחורה'דיג,
צום קריעג דער שופר נאָר רופט;
אָנגעשאַרפט זיינען דיא שפיעזען גאר מורא'דיג,
געטונקט דיא פיילען אין גיפט.
קאָהר. (ווידערהאָלט דאסזעלבע).
בר־כוכבא. מיר שטעבען, מיר ברעכען, מיר שניידען, נאָר זיענעריש,
מיר רייסען, מיר בייסען, מיר וויטהען נאָר טיגעריש,
מיר נייטען, מיר קנייטען, מיר טייטען נאָר קריעגעריש,
דיא שונאים אזוי —
זייא פאַלען וויא שטרוי —
(ווידערהאָלט)



בר־כוכבא. פרעהליך שפאַנען דורך דיא טויערן,
דיא העלדען פון דעם קריעג;
און דאס פאָלק אויף דיא הויכע מויערן,
בעזינגען שעהן דעם קריעג.
קאָהר. (דאס זעלבע).
בר־כוכבא. דער פיינד, דער איז געביינגט צו דער ערד,
אונז האט ניט געשאַט,
וויל דיא אמונה איז אונזער שווערד,
און אונזער מאַכט איז גאָט! —
קאָהר. (ווידערהאָלט)
בר־כוכבא. שעהן!
קאָהר. האָח! —
(דאס מיליטער לייגט זיך אנידער אין לאַגער מיט דיא אויסגעשטרעקטע שפיעזען).
בר־כוכבא. (צו עזריה'ן) אָט אזוי, אזוי, זייא דאַרפען זיין מתמידים;
פערגעסט ניט, אז דאס זיינען ר' עקיבא'ס תלמידים,
געוואָהנט נאָר צו לערנען, צו שאַרפען דעם מח;
און האָטש זייא פעהלט עס ניט אין גבורה און כח,
נאָר לערנען מוז מען זייא וויא אומצוגעהן מיט כלי נשק,
איך בעט דיך עזריה, וויעדערהאָל עס מיט זייא מיט חשק —
עזריה. איך דאַנק דיר משיח! דיין רצון איז א געזעטץ בייא מיר! —
בעפעהל נאָר, וועסטו זעהען וויא אלעס וועט געהן גוט אָהן א שיעור.
דיא פעסטונג צעזארעא פון נאָהנט און פון ווייטען,
האבען מיר אומרינגט מיט פיעל מיליטער פון אלע זייטען;
אלע זיינען גרייט וויא איין מענש, וויא איין זעעל,
צו קעמפפען מיט מוטה, מען ווארט נאָר אויף דיין בעפעהל! —
בר־כוכבא. עס איז נאָך ניט צייט מיט שטורם אָנצופאַנגען;
וויל דינה איז נאָך דאָרט אין דער מויער געפאַנגען,
איך וויל נאָך אָפּוואַרטען איין מאָמענט,
פיעלייכט וועל איך זיא נאָך קענען רעטען פון זייערע הענד,
און ווען ער וועט זיא ניט מיט גוטען ארויס געבען באלד,
דאַן וועט מען מוזען צוטרעטען מיט געוואלד —

## צווייטע סצענע.

(א פעלד־יעגער קומט אַן לינקס, אין דער האנד טראגט ער א פייל, ארום וועלכען עס איז אַנגעקלעפּט א שטיקעל פּארמעט, געהט צו צו בר־כוכבא, פערנייגט זיך).

**פ ע ל ד ־ י ע נ ע ר.** פון דעם רוימישען לאַגער האט געטראָפען א פייל,
אנפאַנגען א מלחמה, איז דאס א סיגנאַל! —

(בר־כוכבא נעהמט בייא איהם דיא פייל און זאגט פערוואונדערט):

**ב ר ־ כ ו כ ב א.** נאר מיט א קוויטעל? — ארום געקלעפּט? ליידיג פון אלע זייטען? —
(צו וויקעלט עס) „התבוננו" נאָר איין וואָרט? — וואס קען דאס בעדייטען?
קלעהרט עטוואס) האָ! האָ! רעכט! (צו עזריה'ן) געה גיך און זוים ניט לאַנג!
בעפעסטיגען דיא עפענונג פונ'ם אונטעראירדישען גאַנג:
נעהם צר״נ־אויף שטיל איין אבטהיילונג פון שטאַרקע לייט,
לעבעדיג אהין אריין, מיר דארפען זייא ניט געבען קיין צייט!
נאָר וואס זאמט זיך דאָרט פּאפּוס, וואס קען דאס זיין?
איז מעגליך אז דיא רוימער האבען ערפאהרען זיין פּלאַן?
און האבען איהם וויא א שפּיאָן געפאַנגען?
און זיין קאָפּ איז שוין כאַנג אויפ'ן שפּיעז אויפגעהאַנגען! —
איך רעכען אָבער, אז איהם וועט עס געלינגען,
ווייל ער איז קלינער פון זייא, פון דיא וואילע יונגען. —

---

## דריטע סצענע. צעהנטעס בילד.

(פּאפּוס לויפט אריין פערסאפּעט).

**פּ א פּ ו ס.** נו, הייגט פערשטעהט איהר וויא פּאפּוס דרעהט זיך אויס!
אז איך זעה, אז איך קען פון זייערע הענד ניט ארויס,
דערצעהל איך דעם טיפּוש, אז דורך דעם געהיימען וועג גלייך,
וועט איהר קענען קומען אַהן געוואלד אין לאַגער צר״נ־אייך,
ער געטרויעט מיר זיינע העלדען און קלויבט מיך אויס,
זייא דעם וועג צו ווייזען, און איך זאָל געהען פאָראויס,
איך האב אייך דערוויל געגעבען צו וויסען,
אז איהר וועט האבען באלד א גאסט — נו, האט מען זייא אביסעל אָנגעשמיסען!



איך האב זייא געוויזען א וועג אין דיא אונטעראירדישע טרעפּ,
וויא אזוי מען קען בלייבען נאר אַהן געוואלד אָהן קעפּ! —
איך האב זייא געוויזען, אז א יוד מיט איין און איינציג אויג,
זעהט בעסער וויא א רוימער מיט צווייא, נאָר וואס איהם טויג. —

**ב ר ־ כ ו כ ב א.** (אונגעדולדיג) וואס מאכט דאָרטען דינה, האסטו זיא געזעהען?

**פּ א פּ ו ס.** מען לאָזט מיך ניט צו צו'ן איהר, זיא איז פערשלאָסען אליין,
דער טיפּוש האלט זיא פאר א משכון, און באלד גלייך,
וועט ער זיא אויף דער מויער ארויפשטעלען פאר אייך,
זיא אליין זאָל בייא אייך, און בייא אלע בעטען,
אז מען זאָל שלום מאכען, און פון דאנען אָפּטרעטען,
וועט איהר אָבער ניט וועלען, וואס וועט טהון דער שיכור?
וועט ער זיא פאר אייערע אויגען צושניידען אויף שטיקער! —
אָט איז זיא!! —

(אויף דעם מיטעלסטען טהורם פון דער פעסטונג צעזארעא, ערשיינט דינה — בר־כוכבא דאס גאנצע מיליטער שפּרינגען אויף).

**ד י נ ה.** (הייבט אויף דיא הענד און זינגט) הערט!

**ק אָ ח ר.** יא, מיר הערען דיך!
דיא נעגריסט און זייא געבענשט,
דיא שעהנע טאָכטער פון דיא יודען,
זייא גאַנץ רוהיג, האב קיין מורא,
שרעק דיך ניט און זייא צופריעדען,
בייא דעם שונא אין דיא הענד, האב קיין מורא שרעק דיך ניט!
מיר וועלען אונזער לעבען שטרעקען ביז אין לעצטען טראָפּען בלוט!
יא, יא, יא, מיר וועלען אונזער לעבען,
יעצט שטרעקען פון דיינעטוועגען! —

**ד י נ ה.** הערט נאָר, איידער איך וועל ריידען יעצט אָנהייבען,
זאָלען מיר יעצט צו גאָט דיא הענד אויפהייבען,
זייט־זשע אלע גרייט!

**ק אָ ח ר.** יא, אלע וועלען זיך אָנגרייטען! —

**ד י נ ה.** צר״נ־א געבעט!

**ק אָ ח ר.** יא, אלע וועלען בעטען! —

**ד י נ ה.** הערט מיך צו.

קאָהר. . . . יא!
דינה. פאַלט אויף דיא קניע!
קאָהר. . . . יא!
דינה. פאַר אונזער גאָט (זיא פאַלט אויף דיא קניע — דאס קאָהר פאַלט אויך)
קאָהר. (שטיל) גרויסער גאָט —
דינה. גרויסער גאָט, גאָט פון דיין פאָלק ישראל!
צוליעב דיין נאמען שטעה אונז בייא! —
קאָהר. צוליעב דיין נאמען שטעה אונז בייא! —
דינה. שיק אונז ניך,
קאָהר. שיק אונז ניך,
דינה. דיין רעטונגס ענגעל, אוי! נאָך היינטיגס מאל! —
מיר זאָלען! —
קאָהר. מיר זאָלען! —
דינה. זיעגען יעצט —
קאָהר. זיעגען יעצט —
דינה. }
קאָהר. } בעזיעגען אונזער פיינד.
דינה. הער־זשע איין,
מיין געבעט,
מקריב זיין,
בין איך מיך גרייט,
קאָהר. יא, מקריב זיין זיך אלע,
זיינען מיר זיך גרייט!
דינה. פאַר מיין גאָט, פאַר מיין פאָלק, פאַר מיין טהייער פאטערלאנד.
(וועהרענד דינה ענדיגט דאס לעצטע וואָרט, הייבען זיך אלע אויף פון דיא קניע. דינה הייבט זיך אויך אויף פון דיא קניע, און רעדט מיט פייער פון אויבען צום פאָלק טראָפּ).
הערט אוים מיין פאָלק יהודה, און דוא שמעון דער מלך!
הערט און פערליערט קיין מוטה, זייט מונטער, פרעהליך:
דער רשע האט געהייסען איך אליין זאָל אייך בעטען,
אז איהר זאָלט מיט שלום פון דאנען אָפּטרעטען,
און אז איהר וועט שלום מאכען מיט איהם יעצט אלע,
גיט ער מיך צוריק מיין פאטער, דעם חתן — דיא כלה —



(מיט פייער) ניין! בר־כוכבא, טהו עס ניט, שרעק דיך ניט!
דער יודישער גבור אָפּפערט זיך ניט, פאַר א כלה פון פלייש און בלוט;
זיין כלה איז דיא א מ ו נ ה — דיא הייליגע ת ו ר ה! —
זיא האט פאַר קיין שווערד, פאַר קיין טויט קיין מורא! — —
פאַר זיין גאָט, פאַר ציון'ס שטאָלצען כבוד,
מוז קעמפפען דאס אייניקעל פון דעם מלך דוד! —
חלילה, פון אייך, איהר טאַפּפערע יודען,
איהר זאָלט מיט אייער שונא שליעסען איבער מיר פריעדען,
וויזען דעם שונא מורא איבער מיין נאריש לעבען?
וואס ס'הייסט טרייע און מוטה, וועל איך אייך דעם ביישפּיעל געבען:
לערענט אייך, העלדען, קעמפּפען — איך וועל עס אייך וויזען,
וואס הייסט זיך אָפּגעבען — א ווילען פון אייזען!
נאָר דורך מיין טויטען קערפּער, זאָלט איהר אריינטרעטען אין שטאָט....
אום גאָטעס נאמען, יודען? נאָר מוטה! מוטה! — —
(זיא וואַרפט זיך אראָפּ פון דער פעסטונג אויף דער ערד און ווערט געהרג'עט, אלע בלייבען ערשראָקען — עזריה טהוט א געשרייא — שטורם! אלע לויפען צו צו דער מויער, הייבען זיא אָן צו ברעכען — בר־כוכבא בייגט זיך אָן פערצווייפעלט איבער דינה'ס טויטען קערפּער. — דער פאָרהאַנג פאַלט שנעל אראָפּ).

# פירטער אקט.

## ערשטע סצענע. עלפטעס בילד.

(שטעלט פאָר איין קעניגליכער זאַאל, אויסגעשטעלט מיט א סך שטוהלען האַלב רונד, בייגק עטליכע רייהען, איינער העכער פון דיא אנדערע, אין דע׳ מיט א לאַנגער טיש — בר־כוכבא זיצט אויף א שטוהל גאנץ טרויעריג, דאס פנים אויסגעבלייכט, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האנד, נעבען איהם שטעהט פּאפּוס, זייא האלטען ביידע אין א געשפּרעך).
בר־כוכבא. (מיט א טרויעריגער שטימע) נאָך פּאפּוס וועל איך דיא פערלייםדונגען הערען?
אז איך בין „בר־כוזיבא" ניט בר־כוכבא" דער זוהן פונ'ם שטערן —
איך האב, דאכט מיר, אין דער טהאט בעוויזען געגוג דער וועלט,
וויא איך האב דיא יודענס שטאנד, מיט מאכט צוריק געשטעלט:
מיינע אלע פאָרגעגנער: אלעזר, חנניה, שמעון,
פערגעס ניט וואס פאַר א גרויסע מאכט עס האבען זיך צוזאמען גענומען,

און האבען דאך פערשפיעלט ירושלים צו וועספאסיאנעס זוהן !....
און איך אליין מיט מיין גבורה, וואס האב איך ניט אויפגעטהון ?
דאס בית המקדש געבויעט ! — ירושלים ! — רייִן,
פערטריבען דיא רוימער — מיר זיינען הערין אליין —
נאר איין וואלקען פערדונקעלט מיר מיין לויטערן גליקליכען הימעל....
דינה — אָ, דינה פעהלט מיר יעצט צום רומעל ;
וואס האט א ווערטה דיא קרוין, ווען זיא העלפט זיא מיר ניט טראגען ?
קיין שמחה איז מיר ליעב, נאך איהר וועל איך אייביג קלאגען ! — ...

**פאפוס.** (מיט א פאלש רחמנות) יא, מען מעג קלאגען נאך איהר אזא טהייערע נשמה—
(פאר זיך מיט האס) ארויס צו דיין ווערקציינג, מיין טהייערע נקמה !
(צו בר־כוכבא׳ן) מיר האבען זיא אומזיסט פערשפיעלט, יא, נאר אומזיסט,
זיא איז ניט שולדיג געוועזן, דאס האט יעדער געוואוסט —

**בר־כוכבא.** וואס רעדסטו פאפוס ! מיר האבען זיא פערשפיעלט, מיר ?
האסטו מיר דען ניט מודיע געוועזן צייטליך פון איהר ?
האב איך אפשר ניט געאיילט מיט מיין הילף צו דער רעכטער צייט ?

**פאפוס.** אז איך זאג „מיר" מיין איך מיר יודען, מיר פיינע לייט..
וואס אלע אונגליקען קומען נאר... איך וויים, איך זעה עס,
פון זייערע מחלוקת׳ן, פון פערשיעדענע דעות :
שרייט דער מלחמה, מוזען יענע שרייען פריעדען..

**בר־כוכבא.** וואס ? נאך היינט זיינען דיא דעות פערשיעדען ?
נאך האט מען אזא עזות מיר ענטגעגען צו שטעהען ?
רייד דייטליכער, פאפוס, איך וויל דיך פערשטעהען !...

**פאפוס.** איך פערשטעה דערמיט, אז צוליעב, א צו להכעיס,
קען איין איינענער פאטער, אפפערן מיט זיין קינדס נחת,
פאר וואס איז אייך ניט קשה, גרויסער גבור אין דעם :
וויא קומט נאר דינה, צום שטאטהאלטער אין זיין היים ?

**בר־כוכבא.** וויא זיא קומט ? מיט געוואלד האט מען זיא גענומען.

**פאפוס.** זאל גאט היטען ! מיט אייגענעם ווילען איז זיא צו איהם געקומען !

**בר־כוכבא.** (הייבט זיך אויף פונ׳ם פלאטץ מיט א ווילדען געשרייא) הא ? !

**פאפוס.** שרעקט אייך ניט, גרויסער גבור, זיא איז געקומען ניט אליין,
הערט מיך נאר אויס, וועט איהר אליין פערשטעהן :



דאס ווייסט מען, אז איהר פאטער, איז אייך שטענדיג דאגעגען,
ער בעט אלע און רעדט נאר פון שלום׳ס וועגען ;
צו דעם צוועק איז ער ביים שטאטהאלטער רופוס געוועזן,
איהם פערשפראכען, אז ער וועט נאר וועגען שלום געהן,
און אז רופוס האט אויף זיין ווארט ניט אזוי שטעלען געקענט,
האט ער דינה׳ן פאר א משכון געלאזט אין זיינע הענד..

**בר־כוכבא.** (ציטערט אזש פאר כעס) פאפוס ! !

**פאפוס.** דאס איז אמת, ווייסט יעדער, ניט אויסגעטראכט,
אז ער אליין האט זיא צו רופוס׳ן געבראכט.

**בר־כוכבא.** (מיט רציחה) אוועק פאפוס ! געוואלד, אוועק פון מיינע אויגען —
צו שארף איז דיין רכילות, וויא דיא שפיציגע פיילען פונ׳ם בויגען !...
מורד איז דער אלטער ? מורד אין זיין משיח ?
זיין קינד פערקויפט ! אָ ! שיק איהם אריין ניך !

(ער לויפט אום פאר כעס איבער׳ן צימער און ברעכט דיא הענד, פאפוס רוקט זיך דער־ווייל אלע מאל נעהנטער צו דער טהיר, און וועהרענד ער הייבט אן ארויס צו געהן, קוקט ער אויף בר־כוכבא׳ן מיט א שמחה און זינגט זיך אונטער) :

**פאפוס.** אוי דיא נקמה ! איז מיין נשמה ! מיין לעבען, מיין נחמה ! (אָב)

(בר־כוכבא געהט אום איבער׳ן צימער עטליכע מאל, און אז ער זעהט אז קיינער קומט ניט אריין, געהט ער צו צו דער טהיר לינקס און שרייט ארוס) :

**בר־כוכבא.** רופט מיר אריין דיא סנהדרין צום משפט געשווינד !
יא, ג׳משפט מוז ער ווערען פאר מיר און פאר זיין קינד !
אז ער שרייט שטענדיג „שלום" דאס וויים איך שוין לאנג ;
נאך נייא מיר זאל איך ווארמען אזא גיפטיגע שלאנג ?
אָ, טהייער מוז מיר בעצאהלט ווערען מיין דינה׳ס לעבען,
זיא, וואס האט מיר דעם גאנצען כח און מוטה געגעבען.

———

## צווייטע סצענע. צוועלפטעס בילד.

(אין דעם מאמענט קומען אריין דיא סנהדרין, צווישען זייא אלעזר.)

**בר־כוכבא.** זעטצט זיך אוים סנהדרין, יעדער אויף זיין שטוהל !
איהר, וואס האט ג׳משפט אזוי פיעל,
און לייענט פאר דינים בשערי העיר !
צו זאגע דעם אמת, געשווארען זייט איהר :

וואס קומט דעם מענשען ? זאגט ארויס פרייא !
וואס איז מורד במלכות, דעם לאנד ניט געטרייא ?

**אלעזר.** (זינגט) דער דין איז קורץ און שארף, און ניך,
אָהן פיעל הקדמות —

**סנהדרין.** ווער ס'איז מורד במשיח,
איז אחת דתו להמית ! —

**בר־כוכבא.** ניין, ווידערהאָלט עס נאך אמאל,
ניין, ווידערהאָלט עס נאר אָהן צאָהל,
לאָזט הערען דעם משפט בפני עדה וקהל !

**אלעזר.** דער דין איז קורץ און שארף און ניך,
אָהן פיעל הקדמות :

**סנהדרין.** ווער עס איז מורד במשיח,
איז אחת דתו להמית ! —

**בר־כוכבא.** ניך ערפילט דעם משפט אין דער שעה דער בייזער,
אין דעם בוגד, ומורד במלכות — — אלעזר ! !

**סנהדרין.** (ערשראָקען) אָ, נאָט !

**אלעזר.** (זינגט) אך, וואס הער איך וואס ?
איך פערשטעה נאר ניט דאס ?
באַרעכען זיך נאָר. דיא זאך צו פעהלסטו ניט ?
(צו דיא סנהדרין) איך שווער דאָ אלטע פאר אייך אלע,
אז איך ווייס פון נאר ניט, ניין !
דאס געזעטץ בין איך ממלא,
הייליג איז דאס תמיד בייא מיר געווען.

**סנהדרין.** זייא אונז מוחל גרויסער משיח !
גיב ניט ארויס דיין גזר אזוי ניך !
הער אונז עלטערע אצינד,
מיר שווערען דיר, אז ער איז ריין פון זינד ! —

**אלעזר.** איין גאָט איז מיין עדות,
אז איך בין ריין פון זינד. —

**בר־כוכבא.** יא, פאלש ביסטו פון לאנג געווען !
צו דיא רוימער פלענסטו בסוד איבערגעהן !

Schwartzberg



און פאר א משכון צו מאכען פריעדען,
האסטו פערקויפט דיין קינד און אויך אלע יודען ! —

**סנהדרין.** . . . אָ, נאָט !

**בר־כוכבא.** וואס ? איהר שרעקט אייך ! וואס, איהר האט מורא ?
איהר שווייגט איהם, ווייל ער איז א גדול בתורה !

**סנהדרין.** . . . אָ, נאָט !

**בר־כוכבא.** איהר שווייגט ? וואס, איהר רעדט ניט ? — הא ? — — נא !
(דערשטעכט איהם).

---

## דריטע סצענע.

---

(עזריה לויפט אריין פערסאפעט, געהט צו צו בר־כוכבאן).

**עזריה.** איהר ווערט מיר פערצייהען, גרויסער משיח !
א שלעכטע בשורה ברענגט אייך דער שליח :
א גרויסע מאכט פון דעם שונא, וויא זאמד אין מעער,
איז בעפאלען אונזער לאנד, כאָזען זיך נעהנטער אהער,
זייא טייטען און פערברענען, עס איז ניט אויסצושטעהן ;
אין דער מיט נעהט דער מלך אדריאנוס אליין,
ער האט ארום געריננעלט ירושלים מיט א גרויסער מאכט,
און דיא הייליגע שטאָט ווידער ביז אין גרונד חרוב געמאכט.

**בר־כוכבא.** (פערטומעלט) לאָזט בלאָזען דיא שופרות צו דער מלחמה ניך !
נאָר מוטה, יודען, מוטה ! מיט אייך געהט אייער גבור משיח !
(אזוי ווילד שרייענדיג, לויפט ער ארויס לינקס, נאך איהם עזריה — דיא סנהדרין בייגען זיך אָן צו אלעזר'ן איהם פערבינדען זיינע וואונדען).

**אלעזר.** (אָנגעשפאַרט אויף צווייא אַלטע לייט, האלט מיט דער רעכטער האַנד צו דיא וואונדען — מיט דער לינקער אויסגעשטרעקט אין דער ריכטונג, וואוהין בר־כוכבא איז אַרויס געגאַנגען).
מיין וואָרט הער, בר־כוזיבא, דוא פאלשער משיח אויס !
איידער דער אלטער אלעזר פון דיין האנד געהט אויס :
אין דער מלחמה איז דיין גבורה הבל־הבלים !
יא, „שלום“ האב איך נאָר געבעטען, יא שלום, נאָר שלום !
מיט מיר שטאַרבט דער שלום און מיט דיר שטאַרבט דיא מלחמה !...
אוי נאָט ! ! (ער ווערט שוואך)

סנהדרין. נאַט! דוא נערעכטער נאָט!

אלעזר. נאָט איז מיין עדות, אז ס'איז ריין מיין נשמה!
דרך כוכב, דרך כוכב איז ניט דער פאַלשער שטערן, ניין!
וואס גלאַנצט א מינוט און קען פערגעהן...
וואס נאָט וועט שיקען זיין אמת'ן משיח,
דער וועט אויף אייביג שיינען און ניט פערלאָשען ווערען ניך!...
אוי! — (מיט א שוואכער שטימע)

סנהדרין. . . אָ, נאָט!

אלעזר. אָ, נאָט, ס'איז מיר שלעכט!...
נאָט! דיין משפט איז גערעכט, (זינגט שוואך)
אוי! אזוי זאָגט נאָט אצינד:
איך קען דיך ניט מעהר,
ביסט ניט מעהר מיין קינד, (ער ראַנגעלט זיך מיט דעם טויט)
איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד;
אוי ציון'ס ליכט צאַנקט אצינד!
לעשט אייביג אויס — (קוים וואס מען הערט דיא שטימע)
שיינען וועט ניט מעהר, מיין קינד,
איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד! —
(דיא לעצטע ווערטער הערט מען שוין גאר ניט, ער שטאַרבט).

---

# פערוואַנדלונג.

---

## פיערטע סצענע. דרייצעהנטעס בילד.

(שטעלט פאָר דיא הויכע פעסטונג ביתר. מיט א סך טהירמע, הינטען א געשלאָסענער טויער, אויף דער מויער אין א פאַלאַטקע ליגט בר־כוכבא און מען זעהט איהם מיט. שומרים געהן אַרום און בעוואַכען, עס איז נאַכט).

שומר. (זינגט אויף דער פעסטונג) נאָט דער גערעכטער,
קוקט אויף פון דאָרט!
שלאָפט ניט איהר וועכטער,
היט גוט דאס אָרט! —



קאָהר. מיר הערען, מיר הערען,
מיר הערען גוט;
אנטשלאָפען ווערען
וועלען מיר ניט!

שומר. גבורים וויא ריעזען,
היטען אונזער לאַנד;
מיט דיא שארפע שפיעזען,
שלאָפען זייא אין דער האַנד.

קאָהר. מיר הערען . . . א. ז. וו.

שומר. דער שונא דער שלעכטער,
קוקט אויף פון דאָרט;
שלאָפט ניט, איהר וועכטער!
היט גוט דאס אָרט! —

קאָהר. מיר הערען . . . א. ז. וו.

(שומרים ווערען אַנדרימעלט, פאפוס פיהרט דורך שטיל דאס רוימישע מיליטער, און ווייזט זייא אויף דער פעסטונג).

בר־כוכבא. לויפט ארויס צוטראגען פון דער פאַלאַטקע בלאַס — דיא האאר צושויבערט).
שווייגט וועכטער, שטילט! מיך דאַרפט איהר ניט וועקען!
מיינט ניט, אז איך שלאָף, איך קוק אין אלע עקען —
מיך וועקען שטאַרקערע שומרים — לאָזען מיך ניט שלאָפען,
זייא מיינען מיך דורך דיא נעכט צו מאַרטערן, צו שטראָפען!...
(פויזע) פאפוס איז צו דיא רוימער איבערגעגאַנגען!...
נו? פון איהם קען מען בעסערס ניט פערלאַנגען — —
נאָר — אלעזר'ס אונשולדיג בלוט שרייט מיר אין דיא אויערן:
„פערלוירען איז ירושלים" ! — פערלוירען! (בעדענקענד) פערלוירען?
פיעלע פעסטונגען זיינען שוין אריינגעפאלען צו דיא רוימער אין דיא הענד,
זייא האבען שוין צוריק בעקומען פיעלע שטעדט, צובראָכען ציון'ס ווענד...
אָ, ניין! זאָלאַנג דער שטאָלצער מוטה לעבט נאך אין מיר,
וועל איך נאך אלץ געווינען, קעמפפען וויא פריהער...
נאָך דיא לעצטע פעסטונג מוז איך פערטהיידיגען יעצט,
פיעלע האבען זיך אונטערגעגעבען, איך מוז קעמפפען ביי

מוטה פערלירען? פאסט ניט פאר דעם בראוון קריעגער!...
אפילו אין דער קלעם, איז נאך אלץ דער טינער — טינער!

(אין דעם מאמענט בעווייזט זיך אלעזר׳ס גייסט פון דער רעכטער זייט פון דעם טהורם).

**ג י י ס ט.** (זינגט) אוי, אזוי זאגט נאט אצינד!

**ב ר־כ ו כ ב א.** (ערשראקען) וואס? נאך אלץ דער מארטער?...

**ג י י ס ט.** איך קען דיך ניט מעהר, ביסט ניט מעהר מיין קינד! —

**ב ר־כ ו כ ב א.** (נידערגעשלאגען) א, דוא שרעקליכע נבואה.

**ג י י ס ט.** איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד —

**ב ר־כ ו כ ב א.** (איז צוטראגען) פערלוירען זאגט ער איז אלעם? ניטא קיין ישועה?

**ג י י ס ט.** אוי, אוי! ציון׳ס ליכט צאנקט אצינד.

**ב ר־כ ו כ ב א.** (ווילד ערשרעקענד) וואס? ציון׳ס ליכט צאנקט בייא מיר אצינד?

**ג י י ס ט.** לעשט אייבינג אויס, שיינען וועט ניט מעהר, מיין קינד!
איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד — —

**ב ר־כ ו כ ב א.** (מיט האס) איבער מיינע זינד, איבער מיינע זינד?
אוועק שרעקליכער גייסט! זאלסט פערשוואונדען ווערען:
שטעק מיר שפיעזען אין מיין לייב, נאר דיא ווערטער זאל איך ניט הערען,
זאלאנג אין מיינע אדערן פליעסט דאס ווארעמע בלוט,
וועט ציון זיין נעוואונען, ניין! עס צאנקט נאך ניט! —
הא! דעם מוטה זוכסטו בייא מיר צו רויבען?
דאס וואס איז מיין גאנצער כח, מיין גלויבען?
א, ניין! פערליערען וועל איך לענדער, מענשען מיליאנען,
בלייבט מיר דער מוטה, האב איך אלעס געוואונען! —

(גייסט בעווייזט זיך אויף דער לינקער זייט טהורם).

**ג י י ס ט.** אוי, אזוי זאגט נאט אצינד! —

**ב ר־כ ו כ ב א.** א? פערפאלגסט מיך אלץ? —

**ג י י ס ט.** איך קען דיך ניט מעהר, ביסט ניט מעהר מיין קינד! —

**ב ר־כ ו כ ב א.** ביסט ניט מעהר מיין קינד?

**ג י י ס ט.** איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד —

**ב ר־כ ו כ ב א.** (ווידער מיט האס) אוועק בעזער גייסט! פערשווינד געשווינד.
ניט מיך וועסטו שרעקען, פאר דיר שטעהט א ריעז:
חיט דיך זאלאנג מיין האנד ווארפט נאך א שפיעז!...



(ער טהוט א ווארף א שפיעז דעם גייסט, דער גייסט פערשווינדעט, און ערשיינט אויגענבליקליך אויף דער רעכטער זייט טהורם).

**ג י י ס ט.** (זינגט ווייטער) אוי, ציון׳ס ליכט צאנקט אצינד,

**ב ר־כ ו כ ב א.** (אראפלאזענדיג דעם קאפ שוואך) הא!!

**ג י י ס ט.** לעשט אייבינג אויס, שיינען וועט ניט מעהר מיין קינד!

**ב ר־כ ו כ ב א.** (שוואך) . . . יא!

**ג י י ס ט.** איבער דיינע זינד, איבער דיינע זינד. —

**ב ר־כ ו כ ב א.** יא, פערלוירען — א, טהייערער גייסט, ביסט שטארקער פון מיר!
מוטשע מיך ניט, האב רחמנות! איך קניע יעצט פאר דיר!
(ער פאלט אויף דיא קניע) יא, זייא מיר מוחל, גענוג שוין, לאז מיך שוין צו רוה —
(מיט געוויין) זעה, דער גרויסער גבור בייגט פאר דיר דיא קניע!...
איך וועל שטארבען, יא, נאר לאז מיך שטארבען וויא א העלד,
לאז מיך חאטש זיין דער לעטצטער אויף דעם בלוטיגען שלאכטפעלד...

(גייסט פערשווינדעט, בר־כוכבא פאלט אויף דער ערד צום פובליקום).

יא, ברידער, פערגעסט שוין פון היינט אן אין דעם זיעג,
אונזער הייליג לאנד, וועט איהר שוין ניט אפנעהמען מיט קריעג,
נאר אויף א י י ב י ג אונטערוואורפענע — דענקט שוין גאר ניט אפילו אויך,
אז גאט וויל ניט, איז אומזיסט דעם גבור׳ס כח! — —

(אין דעם מאמענט הערט מען איין טראמפעטען־שאל, און א געשרייא פון א סך רוימיש מיליטער).

**ב ר־כ ו כ ב א.** (חאפט זיך אויף געשווינד) הא? וואס הער איך טראמפעטען־שאל!
אנפאנגען דיא מלחמה, איז דאס א סיגנאל?

(ער קוקט זיך צו צו דער זייט, וואו מען הערט דאס געשרייא פון דעם רוימישען חיל).

א, דיא מאכט פון דעם שונא איז זעהר גרויס...
שווער זיך צו האלטען, פערלוירען איז אלעס — אויס! —
(מיט פייער) ניין, שונא! פרעה דיך ניט! אז איך קען שוין גאר ניט נעהמען בייא דיר,
א י י נ ס וועל איך בייא דיר רויבען: דיין שטאלץ איבער מיר!
ניט ד י י ן פייל זאל דורכבויערן דיא ברוסט פון דעם גבור,
פון מ י י ן האנד אליין איז מיר צו שטארבען ליעבער! — —

———

## פירצעהנטעס בילד.

(ער שטעכט זיך אריין אין הארצען א שווערד — פאלט אום אויף דער ערד טויט. דאס געשרייא פון דיא רוימער ווערט שטארקער, פאפוס לויפט ארויף און וויל שטעכען בר־כוכבא׳ן — קומט איהם ענטגעגען עזריה און דערשטעכט איהם — נאך איהם לויפען ארויף אויף דער מויער דאס גאנצע יודישע מיליטער — זייא קומט ענטגעגען דאס רוימישע מיליטער. עס פאנגט זיך אן דער קריעג, פעכטען זיך, שטעכען — מיט א געשרייא. עס קלינגען שווערדען, מען הערט דאס קראכען פון מויערן — דיא פעסטונג ביתר שטעהט אין פייער און ברענט, אלע טהירמע פאלען און ברעכען זיך — עטליכע רוימישע סאלדאטען לויפען צו הינטען און ברעכען אויף דעם מיטעלסטען טויער — מען זעהט דורך דעם טויער א שרעקליך בילד בעלייכטעט: איין רוימישער סאלדאט דער׳הרג׳עט א קינד אויף זיין מוטער׳ס הענד, וועהרענד דיא מוטער שטעהט אויף דיא קניע און וויל פערטהיידיגען איהר קינד — איין רוימישער העלד האלט ביים קאפ איין אלטען יודען און הייבט אויף, אויף איהם זיין שווערד — איין רוימער שטעהט מיט א פוס אויף איין יודען און מיט דער האנד שטעכט ער איהם אריין א שפיעז — דאס בילד פון הינטען אין טויער ווערט בעלייכטעט מיט גרין פייער — אויבען דיא פעסטונג, מיט רויט פייער — וועהרענד דעם רעש, פאלט דער פארהאנג לאנגזאם).

**ע נ ד ע.**

---

## פירצעהנטעס בילד.

(ער שטעכט זיך אריין אין הארצען א שווערד — פאלט אום אויף דער ערד טויט. דאס געשרייא פון דיא רוימער ווערט שטארקער, פאפוס לויפט ארויף און וויל שטעכען בר־כוכבא'ן — קוממ איהם ענטגעגען עזריה און דערשטעכט איהם — נאך איהם לויפען ארויף אויף דער מויער דאס גאנצע יודישע מיליטער — זייא קוממ ענטגעגען דאס רוימישע מיליטער. עס פאנגט זיך אן דער קריעג, פעכטען זיך, שטעכען — מיט א געשרייא. עס קלינגען שווערדען, מען הערט דאס קראכען פון מויערן — דיא פעסטונג ביתר שטעהט אין פייער און ברענט, אלע טהירמע פאלען און ברעכען זיך — עטליכע רוימישע סאלדאטען לויפען צו הינטען און ברעכען אויף דעם מיטעלסטען טויער — מען זעהט דורך דעם טויער א שרעקליך בילד בעלייכטעט: איין רוימישער סאלדאט דער'הרג'עט א קינד אויף זיין מוטער'ס הענד, ווערענד דיא מוטער שטעהט אויף דיא קניע און וויל פערטהיידיגען איהר קינד — איין רוימישער העכט האלט ביים קאפ איין אלטען יודען און הייבט אויף, אויף איהם זיין שווערד — איין רוימער שטעהט מיט א פוס אויף איין יודען און מיט דער האנד שטעכט ער איהם אריין א שפיעז — דאס בילד פון הינטען אין טויער ווערט בעלייכטעט מיט גרין פייער — אויבען דיא פעסטונג, מיט רויט פייער — ווערענד דעם רעש, פאלט דער פארהאנג לאנגזאם).

ע נ ד ע.

7A